אויגוסט סטרינדבערג

# דער פאטער

טראגעדיע אין 3 אקטען

איבערזעצט פון

## ל. באלליזען

פערלאג
מאקס יאנקאָוויץ, 179 איסט בראָדוויי
ניו־יארק.

# פּערזאָנען

דער ריטמייסטער.
לאָורא, זיין פרוי.
בערטהא, זייער טאָכטער.
דר. אסטערמארק.
דער פּאַסטער.
מאַרגאַרעטא, דעם ריט־מייסטער׳ס אַממע.
נאָיד, דעם ריט־מייסטער׳ס דיענער.
העגריק, דעם ריט־מייסטער׳ס אויפזעהער.

# ערשטער אקט

דאס וואהן־צימער אין ריט־מייסטער׳ס הויז. אין אונטערגרונד, צו רעכטס, א טהיר. אין מיטען פון צימער א גרויסער רונדער טיש, אויף וועלכען עס ליגען צייטונגען, זשורנאַלען און אן אלבום. אין דער רעכטער זייט — א לעדער־טאַפּעצירטע סאָפע און א טישעל מיט צוויי שטולען. אין עק פון רעכטען ווינקעל — א טאַפּעטען־טהיר. צו־לינקס, פאָרענט, א שרייב־טיש מיט א זייגער, און א טהיר, וועלכע פיהרט אין די אנדערע אינערע צימערען. אויף די ווענד הענגען וואַ־פען: רעוואָלווערס, יאַגד־טאַרבעס. צו־לינקס לעבען דער מיטעל־טהיר — א קליידער־שטענדער, אויף וועלכען עס הענגען אוניפאָרם־רעק. אויפ׳ן גרויסען טיש ברענט א לאָמפּ.

---

ע ר ש ט ע  ס צ ע נ ע.

דער ריטמייסטער און דער פּאַסטאָר זיצען אויף דער סאָפע. דער ריטמייסטער איז געקליידעט אין אַ קליין יוניפאָרם־רעקעל, טראגט שטיוועל מיט שפּאָרען. דער פּאַסטאָר איז שוואַרץ געקליידעט, מיט אַ ווייסען טוך אַרום האַלז, אָבער אָהן זיין גלח׳שען קראַגען, און רוי־כערט זיין לולקע.

דער ריטמייסטער קלינגט.

ה ע נ ר י ך (טרעט אריין דורך דער מיטעל־טהיר) : וואס באַ־פעלט דער הערר ריטמייסטער?

ר י ט מ י י ס ט ע ר : איז נאָיד אין דרויסען?

ה ע נ ר י ך : נאָיד איז אין קיך, ער ווארט פאר די באפעלע פונ׳ם הערר ריט־מייסטער.

ריטמייסטער: שוין ווידער אין דער קיך? ברענג איהר שוין אריין!

העגריך: צו באפעל, הערר (אב דורכ'ן מיטעל־טהיר).

פאסטאָר: וואס איז שוין דאָ ווידער געשעהן?

ריטמייסטער: אָך, דער שורקע האָט שוין ווידער דאָס מיידעל אריינגעשלעפּט אין א צרה; דער יונג איז א פער־פלוטער אויסוואורף!..

פאסטאָר: פון נאָיד רעדסטו דאָס? דאכט זיך, דאס איז ערשט געווען פאריגען יאהר, ווען ער —

ריטמייסטער: יא, געדענקסטו עס נישט? אָבער וואלסטו ניט געוואלט זיין אזוי גוט און רעדען צו איהם א פּאָר ערנסטע ווערטער, פיעלייכט ועסטו אויף איהם קענען מאכען אן איינדרוק, און דאָס דענק איך וועט אביסעל העלפען. איך האָב שוין איהם געשימפּפּט און געהאקט, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפען.

פאסטאָר: און יעצט ווילסטו איך זאָל פאר איהם א דרשה האלטען. וואָס פאר אן איינדרוק דענקסטו קען מאכען גאָטעס וואָרט אויף א זעלנער,איבערהויפּט א קאווארע־ליסט?

ריטמייסטער (הויבט זיך אויף): נא, אויף מיר, ווייסטו גאנץ גוט, קען דאָס קיין איינדרוק נישט מאָכען.

פאסטאָר: יא, דאָס לײדער ווייס איך.

ריטמייסטער: אָבער אויף איהם מעגסטו עס יעדענ־פאלס פּרובירען.

## צווייטע סצענע.

די פאָריגע; נאָיד.

ריטמייסטער: וואָס האסטו שוין ווידער געטהאָן, נאָיד?

נאָיד: איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג, הערר ריט־

מייסטער, איך קען דאָס נישט זאָגן ווען דער פּאַסטאָר איז דערביי.

פּ אַ ס ט אָ ר: בעדאַרפסט זיך גאָר נישט שעהמען, מיין זוהן.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו זיי זיך בעסער מודה, אז נישט, ווייסטו גאַנץ גוט וואָס דיך קען ערוואַרטען.

נ אָ י ד: יא, איהר זעהט דאָס איז געווען אזוי: מיר זיי־נען געווען ביי גאַבריעל'ן פאַר אַ טאַנץ... און דערנאָך האָט לודוויג געזאָגט....

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס האָט לודוויג צו טהאָן מיט דער זאַך? דו ציעל נאָר צום אמת.

נ אָ י ד: יא, און דערנאָך האָט עממאַ געזאָגט מיר זאָלען אין שייער אריינגעהן.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אַך, אזוי, הייסט דאָס, אז דאָס איז גאָר עממאַ געווען, וועלכע האָט דיך פערפיהרט?

נ אָ י ד: יא, עס איז כמעט אזוי געווען, הערר ריטמייס־טער, און איך וואָלט זיך געוואָלט ערלויבען צו בעמערקען, אז ווען דאָס מיידעל וואָלט נישט געוואָלט, וואָלט צו קיין זאַך נישט גע־קענט קומען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: קורץ און גוט: ביזטו דער פאָטער פון דעם קינד, צו ניט?

נ אָ י ד: פון וואַנען זאָל איך דאָס וועסען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ווי? וואָס מיינסטו? דו קענסט עס גאָר נישט וויסען?

נ אָ י ד: ניין, דאָס קען מען קיין מאָל פאַר זיכער נישט וויסען, הערר ריט־מייסטער.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ביזטו דען נישט דער איינציגער, וועלכער איז געווען מיט איהר?

נ אָ י ד: יא, אין יענער צייט, אָבער איך קען ניט וויסען אויף זיכער צו איך בין געווען דער איינציגער דורך די גאַנצע צייט.

ד י ט מ י י ס ט ע ר: איז דאָס פּילייכט דיין אבזיכט ארויפצולעגען די שולד אויף לודוויג׳ן?

נ אָ י ד: ס׳איז נישט אזוי לייכט צו וויסען אויף וועמען די שולד ארויפצולייגען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, אָבער דו האָסט צוגעזאָגט עממא׳ן אז דו וועסט מיט איהר חתונה האָבען.

נ אָ י ד: אָה, דאָס מוז מען אימער פערשפּרעכען...

ר י ט מ י י ס ט ע ר (צום פּאַסטאָר): דאָס איז איינפאַך שוידערהאפט!

פּ א ס ט אָ ר: דאָס איז אַלטע געשיכטעס! אָבער הער נור, נאיד, אזא יונג ווי דו אין דיינע יאָהרען, קענסט דאָך ווירקליך ווי־סען צו דו ביזט דער פּאָטער אָדער נישט?

נ אָ י ד: יא, ס׳איז אמת, איך בין מיט דער מיידעל... אָבער דער פּאַסטאָר קען דאָך וויסען אז דערפון איז נאָך נישט געדרונגען, אז....

פּ א ס ט אָ ר: דו זעהסט, מיין זוהן. מיר רעדען דאָ פון דיר. דו וועסט דאָך זיכער ניט פערלאָזען דאָס מיידעל מיט׳ן קינד. מיר קענען דיר ניט צווינגען חתונה האָבען מיט איהר, אָבער פאר דעם קינד דארפסט דו זאָרגען! און דאָס זאָלסט דו אויך טהאָן.

נ אָ י ד: נאָ, דאָן דארף אויך לודוויג דערצו ביישטייערען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אויב אזוי, מוז די זאַך געהן פאר׳ן געריכט. איך קען די זאַך נישט פארנאנדער פּלאָנטערן. און נאָך אַלעמען, געהט עס מיך מעהר נישט אָן, יעצט געה!

פּ א ס ט אָ ר: נאָיד, וואַרט א ווײַלע, נאָך איין וואָרט! דענקסט דו ניט אז צו פערלאָזען א מיידעל מיט א קינד אין אזא קריטישע לאגע, איז אונעהרענהאפט? הא? דענקסט דו נישט אז אזוי צו האנדלען איז.... הם... הם..

נ אָ י ד: יא, ווען איך וואָלט נאָר געוואוסט, אז איך בין דער פּאָטער פון דעם קינד אָבער דאָס, זעהט איהר, קאָן מען פאר

זיכער נישט וויסען. און אַבצושקלאפען אַ לעבען לאנג פאר אַ פרעמד קינד איז נישט אַזוי אנגענעהם. דאָס קען זיך דער פּאַסטאָר און דער הערר ריט־מייסטער גאַנץ לייכט פאַרשטעלען.

ריטמייסטער: קענסט געהן.

נאַיד: צו באפעהל, הערר ריטמייסטער (אָב דורך די מיטעל־טהיר.)

ריטמייסטער (איהם נאָכשרייענדיג): אָבער ניט אין דער קיך, שורקע!

## דריטע סצענע.

### דער ריטמייסער און דער פּאַסטאָר.

ריטמייסטער: וואָרום האָסטו צו איהם ניט גערעדט?

פּאַסטאָר: וואָס מיינסטו, האָב איך דען צו איהם ווינציג גערעדט?

ריטמייסטער: אָה, דו ביזט נאָר געשטאַנען און צו זיך אליין געמורמעלט.

פּאַסטאָר: אין אמת גערעדט, ווייס איך ווירקליך נישט וואָס צו זאָגען. עס איז זיכער אַ רחמנות אויף דער מיידעל, אָבער אויפ׳ן יונג איז אויך אַ רחמנות, ווייל, דענקט נאָר, אויב ער איז נישט דער פאָטער, קען דאָס מיידעל אריינגעבען דאָס קינד פאר פיער חדשים אין יתומים־הויז און עס דאָרט אויסהאָדעווען. און ווי דו ווייסט, לויט נאָך זייער איינריכטונג, איז דאָס דאן פערזאָרגט פאר אימער און דאן קען זיך דאָס מיידעל געפינען אַ שטעלע אין אַן אנשטענדיגע הויז. אָבער דעם יונג׳ס צוקונפט קען רואינירט ווערען ווען ער וועט אויסגעשלאָסען ווערען פון׳ם רעגימענט.

ריטמייסטער: אויף מיין עהרענוואָרט, איך וואָלט געוואָלט זיין אין בעצירקס ריכטער׳ס שיך, אום צו קענען וועגען דער זאַך אליין אורטיילען. דער יונג איז פיעלייכט אין גאנצען ניט אונשולדיג, אָבער דאָס קען מען ניט וויסען. איין זאַך קען מען אָבער

יאַ ווײסען: און דאָס איז, אַז דאָס מײדעל איז די שולדיגע, ווען מען קען דאָ איבערהויפּ פון אַ שולד רעדען.

פּ אָ ס ט אָ ר: נאַ, נאַ, איך משפּט ניט קײן מענשען! אָבער פון וואָס האָבען מיר דאָס געהאַלטען אין רעדען בעפאָר די נאַרישע געשיכטע האָט אונז אונטערגעבראָכען, איז דאָס ניט געווען פון בערטהא'ן און איהר קאָנפערמאַציאָן?*) האַ?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יאָ, אָבער אין גרונד גענומען איז דאָס נישט נאָר געווען פון איהר קאָנפירמאַציאָן, זאָנדערן אויך פון איהר גאַנצע ערציהונג. דאָס הויז דאָ איז פול מיט ווייבער, וועלכע ווילען ערציהען מיין קינד. די שוויגער מיינע וויל זי מאַכען פאַר אַ ספּיריטיסטין; לאָורא פאַר אַן אַרטיסטין; די גאָווערנאַנטקע וויל זי מאַכען פאַר אַ מעטהאָדיסטין; די אַלטע מאַרגאַרעטע פאַר אַ באַפּטיסטין, און די הויז־מיידלעך פאַר אַ סאַלוויישיאָניסטין (אַ זינד־רעטערין). דערפון קען גאָר ניט אַרויסקומען, וואָס מען וועט נעמען אַ זעעלע און אַזוי צוברעקלען אויף שטיקלאַך, און אויסער דעם, איך, וואָס האָב די הויפּט רעכט אויסצובילדען איהר כאַראַקטער, וועט גאָר דאָ אין הויז איגנאָרירט, און דערפאַר האָב איך בעשלאָסען זי געגנצליך אַרויסצושיקען פון דיעזען הויז.

פּ אָ ס ט אָ ר: דו האָסט צופיעל פּרויען וואָס הערשען ביי דיר אין הויז.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: פיעלייכט נישט? צווישען זיי אַרומצוגעהן איז ווי צווישען אַ שטייג פול מיט טיגערס. און וואָלט איך נישט געהאַלטען מיין גליה־הייסען אייזען אונטער זייער נאָז, וואָלטען זיי מיך ביי יעדען אויגענבליק צוריסען!

פּ אָ ס ט אָ ר: (לאַכט).

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו לאַכסט, יאָ, דיר איז גוט צו לאַכען, דו אינטריגאַנט, עס איז דיר נאָך ניט גענוג געווען וואָס

---

*) קאָנפיערמאַציאָן הייסט אויפנעמען אין דעם בונד פון אַ רעליגיאָן.

איך האָב דיין שוועסטער פאַר אַ פרוי גענומען, האָסט דו מיר נאָך אריינגעשמוגעלט דיין אלטע שטיף־מוטער.

פּאַסטאָר: אָבער, גרויסער גאָט, ווי קען מען אַ שטיף־מוטער האלטען אין הויז?

ריטמייסטער: ניין, אָבער אַ שוויגער איז דיר בע־קוועם — דאָס הייסט אין אנאנדערנס הויז.

פּאַסטאָר: אה, נו, יעדער האָט זיין פעקעל אין זיין לעבען.

ריטמייסטער: יא, אָבער ווי עס צייגט אויס האָב איך דאָס שווערסטע. און נאָך אלעמען האָב איך נאָך מיין אַמַמע, וועל־כע בעהאנדעלט מיך אקוראט ווי אַ קינד וואָס טראָגט נאָך אַ קינ־דער שירצעלע.... אָה, זי איז אָבער אַ גוטע נשמה און גאָט וויים אז זי בעלאנגט נישט אהער.

פּאַסטאָר: דו האלט בעסער די ווייבער דאָ אביסעל מעהר אין צוים, שוואָגער, דו לאָזט זי צופיעל הערשען ביי דיר אין הויז.

ריטמייסטער: הער נאָר, מיין טייערער, וואָלסט דו מיר פיעלייכט נישט געוואָלט געבען צו ערקלערען, ווי אזוי עס איז מעגליך פרויענצימער צו האלטען אן צאם?

פּאַסטאָר: לאורא איז אימער צו געווען געהאלטען מיט אַ שטארקע האנד — און אָבוואָהל זי איז מיין אייגענע שוועס־טער, מוז איך דאָך צוגעבען אז מיט איהר פלעגט ווירקליך טייל מאָל זיין אביסעל צו שווער דורכצוקומען.

ריטמייסטער: לאורא האָט געוויס איהרע פעהלע־רען, אָבער מיט איהר איז עס נישט אזוי געפעהרליך.

פּאַסטאָר: אָה, דו מעגסט רעדען אָפען, איך קען איהר.

ריטמייסטער: זי האָט געקראָגען אַ ראָמאנטישע ערציהונג, און דערפאר פאלט איהר עס אביסעל שווער צו־צוגע־וואוינען זיך צו אנדערע אומשטענדען. אָבער נאָך אלעמען איז זי מיין פרוי.

פ א ס ט אָ ר : און דערפאר ווייל זי איז דיין פרוי איז זי די בעסטע. ניין, שוואָגער, זי מוז זיין געווים די וועלכע קווען דיך א ערגסטען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר : איצט איז אָבער דאָס גאנצע הויז איבערגעקעהרט געוואָרען. לאורא וויל בערטה'ן נישט נאָכלאָזען, און איך וויל ניט אז זי זאָל אין דיעזע נאָרע פערבלייבען.

פ א ס ט אָ ר : אך, אזו, לאורא וויל נישט, נו דאן האָב איך מורא אז די זאך וועט שווער אָנקומען. ווען זי איז נאָך גע־ווען א קינד פלעגט זי אימער,אום דורכצופיהרען דאָס וואָס זי וויל, זאָגען אזוינע ליגען ווי דער טויט. און ווען זי פלעגט אויספיהרען וואָס זי האָט געוואָלט, פלעגט זי עס צוריק געבען מיט דער ערקלע־רונג, אז זי האָט נישט געוואָלט די זאך, נור אויספיהרען דאָס וואָס זי וויל.

ר י ט מ י י ס ט ע ר : איז עס נאָך דאמאָלסט געווען אזוי? זי איז טאקעווירקליך טיילמאָל אזוי ליידענשאפטליך, אז איך שרעק זיך פאר איהר, איך דענק אז זי איז קראנק.

פ א ס ט אָ ר : אָבער וואָס דענקסטו אזוינס צו מאכען מיט בערטהא'ן, וואָס איהר האָטביידע אזוינע פערשיעדענע מיינונגען דאריבער? קען מען דען זיך ווירקליך נישט ווירמיט אייניגען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר : דו דארפסט נישט דענקען אז איך וויל זי פאר א וואונדער־קינד אָדער אן אָבבילד פון מיר מאכען. איך וויל נאָר נישט דער פערקויפער פון מיין טאָכטער זיין און זי ערציהען אויסשליסליך, מעהר נישט ווי פאר חתונה האָבען. ווייל דאן ווען זי בלייבט אונפערהייראטה וועט זי האָבען זעהר בייזע טעג. אָבער אויך אין דער אנדערער זייט וויל איך איהר אויך נישט פערבינדען זי זאָל דארפען דורכגעהן א מענליכען קורס, ווייל דאָס קען זיין אין גאנצען ארויסגעוואָרפען אין פאל ווען זי זאָל זיך יא וועלען פערהייראטהען.

פ א ס ט אָ ר : וואָס דען ווילסט דו?

ר י ט מ י י ס ט ע ר : איך וויל זי זאָל ווערען א לעהרע־

רין, ווייל דאן אויב זי בלייבט אונפערהייראט, איז זי פערזאָרגט און ס'איז איהר נישט שווער זיך צו ערנערען. יעדענפאלס נישט שווערער ווי די לעהרערס, וועלכע האָבען פאמיליען און מוזען זיך נאָך פון זייער געהאלט טיילען מיט זיי. און אויב זי פערהייראַ־טעט זיך יא, קען זי אָנווענדען איהרע קענטניסע פאר די ערציהונג פון איהרע אייגענע קינדער. נאָ, זאָג האָב איך נישט רעכט דע־רינען?

פ א ס ט א ר : געוויס האָסטו רעכט. אָבער האָט זי דען ניט ארויסגעצייגט א טאלאנט צו מאָהלען, אז דאס וואָלט געווען א פערברעכען געגען די נאטור ווען מען זאָל איהר דאָס אונטער־דריקען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר : ניין! איך האָב געציינט דאָס וואָס זי האָט פערזוכט צו מאָהלען צו א בעריהמטען מאהלער, און ער האָט געזאָגט, אז דאָס איז נישט מעהר ווי דאָס וואָס אלע מיידלאך לערנען אין שולע. אָבער דאָ איז לעצטען זומער געקומען א יונגער בחור'ל אין הויז, וועלכער האָט די זאך נאטירליך בעסער פערשטאַ־נען און האָט ערקלערט אז זי האָט א וואונדערבארען טאלאנט און אזוי איז די זאך ענטשיעדען געוואָרען צו גונסטען לאורא'ן.

פ א ס ט א ר : איז ער געווען פערליעבט אין דער מיידעל?

ר י ט מ י י ס ט ע ר : איך האלט אז דאָס איז געוואָרען אפריהער אויסגעמאכט!

פ א ס ט א ר : דאן זאָל דיר גאָט ביישטעהן, מיין זוהן, ווייל אויב אזוי זעה איך גאָר קיין הילפע דאריין. דאָס איז זעהר צרה־דיג, און לאורא האָט נאָך מסתמא איהרע אונטערהעלפערס דאָרט (צייגט נאָך לינקס) דאָרטען דערינען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר : יא, דאָס פערשטעהט זיך שוין אליין! דאָס גאנצע הויז שטעהט שוין אין פלאמען. און, צווישען אונז גע־רעדט, איז עס גראדע נישט אזא שעהנער קריעג, וועלכער ווערט גע־פיהרט דאָרט פון יענער זייט.

פ א ס ט אָ ר (הויבט זיך אויף): און דענקסט דו אז איך ווייס דאָס ניט?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו אויך?

פ א ס ט אָ ר: איך?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אָבער דאָס ערגסטע איז וואָס מיר איז טאקע פאָרגעקומען, ווי בערטהא'ס שיקזאל ווערט דאָרט בע־שטימט פון האס־פילענדע מאָטיווען. זיי ווארפען זיך דאָרטען מיט אזעלכע ווערטער אז דער מאן זאָל זעהן אז די פרויען טוען דאָס און אנדערס, אלעס וואָס זיי ווילען. דאָ זיינען אין קאמפף מאן און פרוי, איינער געגען דעם אנדערען דורכ'ן גאנצען טאָג לאנג.

(אַ פאוזע טרעט איין. דער פאסטאָר נעהמט זיין הוט און ווענדעט זיך צו געהן).

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו ווילסט שוין געהן? ניין, בלייב נאָך דאָ פאר סאפער, איך האָב דיר צוואר גאָר קיין בעזאָנדערס נישט אָנצובאָטען, אָבער דאָך בלייב. דו ווייסט דאָך אז איך ער־ווארט אונזער נייעם דאָקטאָר. האָסט דו איהם שוין געזעהן?

פ א ס ט אָ ר: איך האָב מעהר ניט ווי געוואָרפען אַ בליק אויף איהם פערבייגעהענדיג. ער זעהט אויס צו זיין אַ זעהר אנ־שטענדיגער מענש.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך בין זעהר צופרידען צו הערען דאָס. דענקסט דו אז מירביידע װעלען קענען ווערען בונד־גע־נאָסען, אזוי אז ער זאָל דאָ קענען וואוינען?

פ א ס ט אָ ר: ווער ווייס? עס ווענדעט זיך נור אויף וויפיעל ער איז צוגעוועהנט צו פרויענצימער.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אך, ווילסט דו טאקע דאָ ניט בליי־בען?

פ א ס ט אָ ר: ניין, אַ דאנק, מיין ליעבער; איך האָב פער־שפראָכען אין דער היים צו זיין פאר סאפער, און מיין אלטע ווערט אונרוהיג ווען איך קום ניט צו דער צייט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אונרוהיג? אין כעס ווילסטו זאָ־

גען! נא, ווי דו ווילסט, לאָז מיר וועל איך דיר העלפען דעם פעליץ אַנטון.

פּ א ס ט אָ ר : עס צייגט אוים צו זיין זעהר קאַלט היינט אבענד (נאָך דעם ווי ער האָט איהם געהאָלפען אַנטון זיין פעליץ) א דאַנק! דו מוזט אביסעל מעהר שוינען דיין געזונדהייט, אדאָלף, דו זעהסט זעהר נערוועז אוים.

ר י ט מ י י ס ט ע ר : זעה איך אוים נערוועז?

פּ א ס ט אָ ר : יא, דו זעהסט ווירקליך נישט אוים צו פיה־לען גוט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר : האָט דאָס לאורא דיעזע מיינונג דיר איינגערעדט? מיך האָט זי די גאנצע צוואנציג יאָהר בעהאנדעלט ווי איינער וועלכער האָלט יעדער מינוט ביים שטארבען.

פּ א ס ט אָ ר : לאורא? ניין: אָבער דו בעאונרו־היגסט מיך. זעה טו אויף זיך אכטונג. דאָס איז מיין ראטה! אדיע, אלטער פריינד; אָבער האָסט דו מיט מיר ניט געוואָלט רעדען וועגען דער קאָנפירמאציאָן?

ר י ט מ י י ס ט ע ר : דורכאוים נישט! איך פערזיכער דיר אז די זאך וועט זיך געהן אין איהר נאטירליכען וועג אזוי ווי ביי אלע, ווייל איך אליין האָב נישט די אבזיכט צו זיין אזוינער, פאר וועמען מען איז זיך מתודה, און אויך ניט קיין מארטירער.
— אדיע, גרוס אלעמען דאָרט.

פּ א ס ט אָ ר : אדיע, מיין ליעבער, גרים לאורא'ן! (אָב דורך די מיטען־טיהר).

## פ י ע ר ט ע ס צ ע נ ע.

דער ריטמייסטער. נאכהער לאורא.

ר י ט מ י י ס ט ע ר (עפענט ליגקס זיין שרייב־טיש און זעצט זיך אוועק רעכענען): פיער־און־דרייסיג — ניין־און־צוואנציג, דריי־און־פערציג, זיעבען־און־פערציג, אכט־און־פערציג, זעקס־און־פופציג....

ל א ו ר א (קומט אריין דורך די זייטען טיהר לינקס): וואָלסט דו ניט געוואָלט אזוי גוט זיין און...

ר י ט מ י י ס ט ע ר: נור איין מינוט! זעקס־און־זעכציג, איין־און־זיביצעג, פיער־און־אכציג, איין־און־ניינציג, צוויי־און־ניינציג, א הונדערט. וואָס איז?

ל א ו ר א (צוגעהענדיג צו דער רעכטער זייט): שטער איך דיר פיליייכט?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, דורכאוים נישט. דו ווילסט מסתמא דיין ווירטשאפטס־געלד, הא?

ל א ו ר א: יא, מיין ווירטשאַפטס־געלד.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: לייג דאָרט אוועק די רעכענונגען, און איך וועל זיי דורכזעהן.

ל א ו ר א: די רעכענונגען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא.

ל א ו ר א: בעדארף איך שוין האלטען רעכענונגען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: נאַטירליך. די פינאנציעלע לאגע פון אונזער הויז איז אונזיכער, און אין פאל אז מען וועט בעדארפען אויסגלייכען די שולדען מוזען זיין רעכנונגען. אז נישט קען מען בעשטראפט ווערען אלס א נאכלעסיגער שולדנער־צאָהלער.

ל א ו ר א: ווען די פינאנציעלע לאגע אין אונער הויז איז שלעכט איז דאָס דאָך נישט מיין שולד.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאָס איז גראדע וואָס עס דארף פעסט־געשטעלט ווערען דורך די רעכענונגען.

ל א ו ר א: ווען דער פאַכטער צאָהלט נישט איז דאָס נישט מיין שולד.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ווער האָט מיט אזא ווארימקייט רע־קאָמענדירט דעם פאַכטער, אז נישט דו? ווארום עמפפעהלסטו אזעלכען — זאָג מיר — אזא לומפּען קערל.

ל א ו ר א: און פאר וואָס האָסט דו אויפגענומען דעם לומ־פען קערל.

ריטמייסטער: ווייל איהר האָט מיר נישט ערלויבט רוהיג צו עסען, רוהיג צו אַרבייטען, ביז איהר האָט דעם מאַן ניט בעקומען. דו האָסט איהם געוואָלט האָבען דאָ־מיט אַז דיין ברודער זאָל פון איהם פּטור ווערען. דיין מאַמע האָט איהם געוואָלט, ווייל איך האָב איהם ניט געוואָלט. די גובערנאַנטקע האָט איהם געוואָלט, ווייל ער קען גוט לערנען דעם טעסטאַמענט. און די אַלטע מאַרגאַרעטהע — ווייל זי האָט זיין באַבען גע־קענט פון קינדווייז אָן. דערפאַר האָב איך איהם אריינגענומען, און ווען איך וואָלט איהם ניט גענומען, וואָלט איך שוין יעצט גע־לעגען אין משוגעים־הויז פערשפּאַרט, אָדער אין דעם פאַמיליען־גרוב. אונטערדעסען, דאָ איז דיין ווירטשאַפטס־געלד און דאָ איז דיין טאַשען־געלד. די רעכענונג קענסט דו מיר שפּעטער געבען.

לאַורא (פערנייגט זיך): אַ דאַנק פיעל מאָל! פיהרסט דו אויך אַ רעכענונג פון דעם וואָס דו גיסט אויס אויסער ווירט־שאַפטס־געלד?

ריטמייסטער: דאָס געהט דיך נישט אָן.

לאַורא: ניין, יעדענפאַלס געהט עס מיך אַזוי ווינציג אָן ווי די ערציהונג פון מיין קינד. האָבען דאָ מיינע הערען נאָך דער גאַנצער אָבענדער בעראַטונג זייער בעשלוס געפאַסט?

ריטמייסטער: איך האָב שוין מיין בעשלוס אָבגע־מאַכט נאָך פריער, און דאַרום איז פאַר מיר געבליבען איהם מיט־צוטהיילען דעם איינציגען פערזענליכען פאַמיליען פריינד וואָס איך און מיין פאַמיליע האָב. בערטהאַ וועט ארויספאָהרען אין שטאָדט, דאָרט קוואַרטירען און אין פיערצעהן טעג אַרום זאָל זי אָברייזען.

לאַורא: ביי וועמען וועט זי דאָרט אין פּענסיאָן געגעבען ווערען — אויב איך מעג פרעגען?

ריטמייסטער: ביי אידיטאָר זופּבערג.

לאַורא: ביי דעם פריידענקער?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאס געזעץ זאָגט, אַז דאָס קינד בעדאַרף ערצויגען ווערען אין פאטערס אנשויאונגען.

ל א ו ר א: און די מוטער האָט אין דער פראגע גאָר נישט צו זאָגען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דורכאויס נישט! זי האָט איהר ערשט געבוירענעם פערקויפט דורך געזעץ, און פון איהרע רעכטע דערוויף זיך אָבגעזאָגט, און דערפאַר, אַז דער מאַן נעמט איהר אייבער, בעדאַרף ער זאָרגען פאר איהר און פאר איהר קינד.

ל א ו ר א: אַלזאָ, דאָס הייסט, זי האָט נישט קיין רעכט איבער איהר קינד?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, קיין שום רעכט נישט! האָט מען איינמאָל די וואַרע פערקויפט, קען מען שוין די וואַרע נישט צוריק קריגען און עס האַלטען מיט'ן געלד.

ל א ו ר א: אָבער ווען דער פאָטער און מוטער, ביידע צוזאַמען, ווען בעשליסען דאריבער?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ווי קען דאָס זיין? איך וויל אַז זי זאָל אין שטאָדט וואוינען, דו ווילסט אַז זי זאָל בלייבען דאָ, די אריטהמעטישע ענדע ווערט זיין, אַז זי וועט בלייבען אין מיטען וועג אויף דער אייזענבאהן סטאַנציע צווישען דער שטאָדט און דער היים. דו זעהסט, דאָס איז אַ קניפּעל וואָס קען נישט ערלייזט ווערען.

ל א ו ר א: דאַן מוז עס צוריסען ווערען! וואָס האָט גאָיד דאָ געטהון?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאָס איז אַן אמת געהיימניס!

ל א ו ר א: וועלכעס די גאַנצע קיך ווייס.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: גוט, אויב אַזוי ווייסט דו דאָך שוין.

ל א ו ר א: יאָ, איך ווייס עס אויך.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: און האָסט דו שוין דיין אורטהייל פאַרטיג דאריבער?

לאורא: מיין אורטהייל איז דער געזעץ אורטהייל.

ריטמייסטער: אין די געזעצע שטעהט נישט גע־שריבען ווער ס'איז דער פאטער פון דעם קינד.

לאורא: ניין, אבער דאס קען מען דאך, געוועהנליך, וויסען.

ריטמייסטער: קלוגע לייטע בעהויפטען, אז דאס קען מען קיין מאל ניט וויסען.

לאורא: דאס איז דאך מערקווירדיג; קען מען דען ניט וויסען ווער דער פאטער פון א קינד איז?

ריטמייסטער: מען בעהויפטעט, אז ניין!

לאורא: דאס איז מערקווירדיג. אויב אזוי, ווי זשע קען דער פאטער אזא רעכט איבער דער פרוי'ס קינד האבען?

ריטמייסטער: דער פאטער האט עס נאר אין דעם פאל ווען ער נעמט איבער די פערפליכטונגען, אדער ער לעגט אויף זיך ארויף פליכטען, און אויסער דעם, אין פערהייראטען לעבען הערשט גאר קיין צווייפעל איבער די פאטערשאפט.

לאורא: עס הערשט גאר קיין צווייפעל דאריבער?

ריטמייסטער: ניין; איך האף אז ניין!

לאורא: נו, און ווען די פרוי איז געווען אונטריי?

ריטמייסטער: דאס איז דא נישט דער פאל! האסט דו נאך עטוואס אנדערש צו פרעגען?

לאורא: ניין!

ריטמייסטער: דאן געה איך ארויף אין מיין צימער און איך בעט דיך צו זיין אזוי גוט און מיר צו־וויסען טוען, ווען דער דאקטאר וועט קומען. (ער פערשליסט דעם שרייב־טיש און הויבט זיך אויף.)

לאורא: גוט, איך וועל עס טהון.

ריטמייסטער (געהט צו דער טאפעטען־טהיר רעכטס): אזוי גיך ווי ער וועט קומען, ווייל איך וויל זיך נישט האלטען אונ־

העפליך געגען איהם, דו פערשטעהסט! (אב דורך די טאפּעטען־טהיר רעכטעס.)

לאורא: איך פערשטעה.

## פינפטע סצענע.

לאורא (אליין, בעטראכט דאס געלד, ווערכעס זי האלט אין האנד).

דער שוויעגערמוטער'ס שטימע: (פון אינ'ווייניג): לאורא!

לאורא: יא, מוטער!

דער שוויעגערמוטער'ס שטימע: איז מיין טהע שוין פארטיג?

לאורא (נעבען דער טהיר פון די אינערע צימערען): יא, זאפארט!

הענריך (עפענט די מיטעל טהיר און מעלדעט): דאקטאר אסטערמארק!

דר. אסטערמארק (אריינטרעטענדיג): גנעדיגע פרוי.

לאורא (געהט איהם ענטקעגען און רייכט איהם די האנד): איהר זענט ווילקאמען, הערר דאקטאר! הערצליך ווילקאמען! מיין מאן איז ארויסגעגאנגען, אבער ער קומט באלד צוריק.

דר. אסטערמארק: איך בעט אייך אום ענטשול־דיגונג וואס איך בין אזוי שפעט געקומען, אבער איך האב זיך ניט געקענט העלפען. איך האב געהאט צו מאכען א סך קראנקען־בע־זוכס.

לאורא: ביטע, זייט אזוי גוט, זעצט זיך!

דר. אסטערמארק: א דאנק, גנעדיגע פרוי.

לאורא: יא, אין געוויסע צייטען זיינען דא פאראנען פיעלע קראנקע אין דעם געגענד. איך האף אבער אז איהר וועט זיך דא בעזעצען. פאר אונז, איינזאמע לאנד־מענשען, איז זעהר וויכטיג

צו געפינען א דאָקטאָר, וועלכער אינטערעסירט זיך פאר זיינע קליענטען. און פון אייך, הערר דאָקטאָר, האָב איך אזוי פיעל גע־הערט דאָס איך האָף, אז די גליקליכסטע פריינדשאפט וועט צווי־שען אונז הערשען.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: איהר זיינט זעהר פריינדליך, גנעדיגע פרוי, אָבער איך וויל האָפען, אז מיינע וויזיטען צו אייך וועלען נישט צו־אָפט נויטווענדיג זיין. אייער פאמיליע, האָף איך, איז אין אלגעמיין געזונד...

ל א ו ר א: יא, שטארקע קראנקהייטען האָבען מיר נישט געהאט, א דאנק גאָט, אָבער דאָך איז נישט אלעס ווי עס וואָלט בעדארפט צו זיין.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: ניין?

ל א ו ר א: גאָט וייס, ס'איז נישט אלעס ווי מיר וואָלטען געוואונשען ס'זאָל זיין.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: אה, איהר דערשרעקט מיך!

ל א ו ר א: ס'זיינען פאראן פערהעלטניסע אין א פאמיליע, וועלכע מוזען דורך די עהרע און דאָס געוויסען פערבאָרגען ווערען פאר דער גאנצער וועלט...

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: אויסער פאר'ן דאקטאָר.

ל א ו ר א: יא; און דארום איז עס מיין שמערצליכע פפליכט אייך אין ערשטען בליק די גאנצע וואהרהייט צו דער־צעהלען.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: קענען מיר פיליייכט די אונ־טערערדונג אָבלייגען, ביז איך וועל האָבען די עהרע צו זיין פאָר־געשטעלט פאר'ן הערר ריטמייסטער?

ל א ו ר א: ניין; איהר מוזט מיך אויסהערען, איידער איהר זעהט איהם.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: עס האנדעלט זיך, אלזאָ, פון איהם.

ל א ו ר א: יא, פון איהם, מיין ארעמען, געליעבטען מאן!

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: איהר מאכט מיך אונרוהיג, גנעדיגע פרוי, און איהר קענט מיר גלויבען, אז אייער אונגליק פערשאפט מיר פיעל שמערצען.

ל א ו ר א (נעמט ארויס איהר טאשען־טיכעל): מיין מאן'ס פערשטאנד איז גערירט. נו, יעצט ווייסט איהר אלעס, און איהר מוזט אורטהיילען פאר אייך אליין ווען איהר וועט איהם זעהן.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: וואס זאגט איהר? קען דאס מעגליך זיין! איך האב דעם הערר ריטמייסטער'ס טרעפליכע אב־האנדלונגען איבער מינעראלאגיע מיט בעוואונדערונג געלעזען, און האב אימער אין זיי א שטארקען, קלארען פערשטאנד גע־פונען.

ל א ו ר א: ווירקליך? עס וואלט מיך פרעהען ווען מיר, די גאנצע פאמיליע, וואלטען זיך איבערצייגט, אז מיר האבען גע־האט א טעות.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: אבער, נאטירליך, ס'קען זיין, אז זיין פערשטאנד זאל זיין געשטערט אויף אן אנדער אופן. ביטע, דערצעהלט, לאזט מיך הערען.

ל א ו ר א: דאס איז אויך, וואס מיר שרעקען זיך. איהר זעהט, ער האט צומאהל די מעהרסטע אויסערארדענטליכע אי־דעען, וועלכע, נאטירליך, פאר זיך אלס געלערנטער מאן וואלט ער זיי זיך געמעגט האבען ווען דאס וואלט נאר נישט אונטערגעגרא־בען דעם פונדאמענט פון דעם גאנצען הויז. אזוי האט ער, צום ביישפיעל, א ליידענשאפט אלעס צו קויפען.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: דאס איז ערנסט; אבער וואס קויפט ער דען?

ל א ו ר א: גאנצע קאסטענס ביכער, וועלכע ער לעזט קיין מאל ניט.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: נו, ווען א געלערנטער קויפט ביכער איז דאס נאך נישט אזוי געפערליך.

ל א ו ר א: איהר גלויבט נישט וואס איך זאג?

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: יאָ, גנעדיגע פרוי, איך בין איבערצייגט, אַז איהר גלויבט דאָס וואָס איהר זאָגט.

ל א ו ר א: אָבער איז עס דען מעגליך, אַז ער זאָל קענען אין אַ מיקראָסקאָפּ זעהן וואָס אויף אַנ׳אַנדער פּלאַנעט געשעהט?

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: זאָגט ער, אַז ער קען דאָס?

ל א ו ר א: יאָ, ער זאָגט דאָס.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: אין אַ מיקראָסקאָפּ?

ל א ו ר א: יאָ, אין אַ מיקראָסקאָפּ.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: ווען אַלעס איז אַזוי, איז עס זעהר ערנסט.

ל א ו ר א: צי עס איז אַזוי? אַלזאָ, האָט איהר נישט קיין פערטרויען צו מיר, הערר דאָקטאָר, און איך זיץ דאָ און דערצעהל אייך אַלע סעקרעטען פון מיין פאַמיליע...

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: ווירקליך, מאַדאַם, אייער פערטרויען זיך אין מיר עהרט מיך, אָבער אַלס אַ דאָקטאָר מוז איך ערשט אַליין אונטערזוכען, אַליין זעהן, איידער איך אורטהייל. האָט דער הערר ריטמייסטער אַמאָל געצייגט צייכענס פון פלוצלונגען כעס, אָדער נישט-פעסטקייט אין זיין ווילען?

ל א ו ר א: צי ער האָט דאָס? מיר זיינען צוואַנציג יאָהר פערהייראַט און ער האָט נאָך נישט געפּאַסט קיין איין בעשלוס, וועלכען ער זאָל באַלד ווידער ניט ענדערן.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: איז ער האַרטנעקיג?

ל א ו ר א: ער מוז אימער זיין ווילען דורכפיהרען. און ווען ער פיהרט דאָס דורך גיט ער איהם אויף און בעט מיך צו ענטשיידען.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: דאָס איז זעהר ערנסט און עס פאָדערט אַ גאַנץ גענויע בעטראַכטונג. דער „ווילען“, זעהט איהר, מאַדאַם, איז די הויפּט ספּרינגדזשינע פון׳ם פערשטאַנד. און ווען זי ווערט אַביסעל נור געשעדיגט ווערט דער גאַנצער פערשטאַנד צוזאַמענגעפאַלען.

ל א ו ר א: און גאַט ווייס, אז איך האָב זיך געמוזט לער־נען דורך די גאַנצע צוואַנציג יאָהר זיינע ווינשע צו באַגעגענען. אָה, ווען איהר זאָלט נאָר וויסען וואָס פאַר א לעבען איך האָב געהאַט דורכצוקעמפּפען — ווען איהר זאָלט נאָר וויסען?

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: אייער אונגליק, גנעדיגע פרוי, ריהרט טיעף מיין הארץ און איך פערשפּרעך אייך צו פערזוכען טהון אַלעס וואָס איך וועל נאָר קענען. איך בעדויער אייך פון גאַנצען הארצען און בעט אייך אונבאַדינגט זיך אויף מיר צו פאַר־לאָזען. אָבער נאָך דעם וואָס איהר האָט מיר אַלעס דערצעהלט, וואָלט איך געוואָלט בעטען צו פערמיידען יעדען געדאַנק וואָס קען מאַכען א שטאַרקען איינדרוק אויפ'ן קראַנקען, ווייל אין שוואַכע געהירען קען זיך דאס שנעל ענטוויקלען אָדער לייכט פיהרען צו מאַנאַמאַניען אָדער צו „פיקסע אידעען". איהר פערשטעהט מיך דאָך?

ל א ו ר א: איהר מיינט, אויסווייכען איהם צו געבען אַן אהנונג דערפון?

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: גאַנץ געוויס, ווייל א קראַנקען קען מען אַלעס איינריידען, דאדורך וואָס ער נעמט אַלעס אויף

ל א ו ר א: ווירקליך, יעצט בעגרייף איך! יא — יא. (עס הערט זיך קלינגען פון אינוועניג. זיי הויבען זיך אויף). ענטשול־דיגט מיר, מיין מוטער האָט מיר עטוואָס צו זאָגען. איין מאָמענט בלויז — אה, דאָ איז אויך אדאָלף (זי געהט אָב נאָך די טהיר לינקס).

## ז ע ק ס ט ע ס צ ע נ ע.

דער דאָקטאָר; דער ריטמייסטער קומט אריין דורך די טאַפּעטען טער.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אָה, איהר זענט שוין דאָ, הערר דאָק־טאָר! איהר זיינט הערצליך ווילקאָמען ביי אונז!

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: עס איז פאַר מיר הערכסט אינ־

טערעסאַנט צו מאַכען די בעקאַנטשאַפט מיט אַזאַ בעריהמטען גע־לערנטען מענשען.

ריטמייסטער: איהר זיינט זעהר גוט. איהר זעהט, מיין דיענסט ערלויבט מיר נישט קיין צו טיעפע פאָרשונגען צו מאַכען. אָבער דאָך גלויב איך צו האָבען אַ שפור פון אַ גרויסער ענטדעקונג.

ד״ר. אַסטערמאַרק: אַזוי!

ריטמייסטער: איהר זעהט, כ׳האָב אונטערגעלעגט מע־טעאָר־שטיינער אונטער אַ ספעקטראַל פערגאַנדערנעמונג און האָב ד׳רינען געפונען קוילען, שפורען פון אָרגאַנישעס לעבען! וואָס זאָגט איהר דערצו?

ד״ר. אַסטערמאַרק: קענט איהר דאָס אין אַ מיקראָ־סקאָפּ זעהן?

ריטמייסטער: ניין, צום טייפעל! אין ספעק־טראָסקאָפּ!

ד״ר. אַסטערמאַרק: אַה, אין ספעקטראָסקאָפּ, ענט־שולדיגט; נו, אויב אַזוי וועט איהר אונז שוין באַלד קענען זאָ־גען וואָס עס געשעהט אויפ׳ן יופּיטער.

ריטמייסטער: נישט וואָס דאָרט געשעהט, זאָנ־דערן וואָס דאָרט געשעהן איז. ווען דער טייפּלישער בוכהענדלער וואָלט מיר נאָר געשיקט די ביכער וואָס איך בעדאַרף האָבען. אָבער ווי מיר דוכט זיך האָבען זיך אַלע בוכהענדלער פון דער גאַנצער וועלט געגען מיר פעראייניגט. שטעלט זיך נור פאָר, שוין צייט צוויי מאָנאַטען אַז איך האָב נישט ערהאַלטען איין וואָרט אַלס ענטפער אויף מיינע אָנפראַגען וואָס איך האָב געמאַכט, קיין בריעף נישט, און נישט קיין טעלעגראַמע אַז זיי זיינען דאָרטען אויסגעשטאָרבען. און איך פיהל, אַז איך וועל משוגע ווערען דערפון, און קען נישט וויסען וואָס דאָס מיינט.

ד״ר. אַסטערמאַרק: אָך, דאָס זיינען אַזוינע נאָכ־

לעסיגע געשעפטס-לייט, איהר בעדארפט איך וועגען דעם נישט זארגען.

ריטמייסטער: יא, אבער צום טייפעל, איז דאס וואס איך קען מיינע אבהאנדלונגען נישט פארטיג מאכען צו דער צייט און איך וייס, אז אין בערלין בעשעפטיגט מען זיך שוין אויך מיט דערזעלבער זאך. אבער דאס איז נישט דאס, וואס מיר דאר־פען צו רעדען... ווי געהט עס עפעס מיט איך? ווען איהר ווילט פערבלייבען דא וואוינען, געפינט זיך פאר איך דא אין הויז א ציי־מער וואס שטעהט לעער. אדער ווינשט איהר בעסער צו בלייבען אין אייער אלטער דאקטאר וואהנונג?

דר. אסטערמארק: גענצליך ווי איהר ווינשט.

ריטמייסטער: ניין, ווי איהר ווילט; וואס דענקט איהר?

דר. אסטערמארק: דאס מוז בעשטימען דער הערר ריטמייסטער.

דער ריטמייסטער: ניין, איך בעשטים נאר נישט. איהר מוזט אליין זאגען ווי איהר ווילט. איך האב דערינען קיין ווילען דורכאויס נישט.

דר. אסטערמארק: ניין, אבער איך קען דאך נישט בעשטימען.

ריטמייסטער: אום גאטעס ווילען, ענטפערט, הערר דאקטאר, זאגט ווי איהר ווילט עס האבען. איך האב אין דיעזער זאך קיין ווילען, קיין מיינונג, קיין וואונש. זיינט איהר דען אזא שלאפמיצעל דאס איהר ווייסט ניט וואס איהר ווילט? ענטפערט, אדער איך ווער בייז.

דר. אסטערמארק: ווען ס'האט זיך שוין אזוי גע־מאכט, וועל איך שוין ליעבערשט וואוינען דא.

ריטמייסטער: גוט, א דאנק איך!.. אה... ענט־שולדיגט מיר, הערר דאקטאר, אבער עס איז נישטא קיין שום

זאך וואָס ערגערט מיך אזוי, ווי ווען איינער זאָגט, אז ער איז גלייכגילטיג. (עס קלינג).

זיעבעטע סצענע.

די פאָריגע. די אַם קומט דורך די מיטען טהיר.

ריטמייסטער: אך, דו ביזט עס, מארגארעטא, זאָג, מיין טהייערע, ווייסט דו נישט אויב דעם הערר דאָקטאָר'ס צי־מער איז שוין אין אָרדנונג?

די אַם: יא, הערר ריטמייסטער, עס איז אין אָרדנונג!

ריטמייסטער: נו, דאן וועל איך אייך לעננער נישט אויפהאלטען, הערר דאָקטאָר, איהר מוזט זיין מיעד. לעבט וואָהל, און איהר זענט ווילקאָמען צו יעדער צייט; מיר וועלען זיך זעהן איבערמאָרגען.

דר. אסטערמארק: גוטע נאכט, הערר ריט־מייסטער!

ריטמייסטער: איך דענק, אז מיין פרוי האָט אייך שוין געמוזט איינגערמאָסען דערצעהלען אונזערע אומשטענדען, אזוי אז איהר קענט שוין וויסען ווי עס שטעהט דאָ מיט'ן געגענד.

דר. אסטערמארק: אייער פרוי איז געווען אזוי גוט מיר איבער מאנכע זאכען מיטצוטהיילען, וועלכע זיינען נויטיג פאַר א פרעמדען צו וויסען. גוטע נאכט, הערר ריטמייסטער (אב).

אכטע סצענע.

די אַם און דער ריטמייסטער.

ריטמייסטער: וואָס פערלאַנגסט דו, מיין טהייערע! איז עטוואָס נישט אין אָרדנונג?

די אַם: וואָלט איהר מיך געוואָלט פילייכט אביסעל אויסהערען, טהייערער אדאָלף?

ריטמייסטער: יא, אלטע מארגארעטא, דו קענסט רעדען. דו ביזט די איינציגע צו וועמען איך קען זיך צוהערען און נישט בייז ווערען.

ד י א ם: יעצט הערט אויס! דענקט איהר נישט, הערר אדאלף, אז איהר וואלט געקענט אויף אירגענד אן אופן זיך אויס־גלייכען מיט אייער פרוי און זיך אייניגען וועגען דער געשיכטע מיט'ן קינד. דענקט נאר, זי איז דאך א מאמע!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דענק נאר, מארגארעטא, איך בין דאך א פאטער!

ד י א מ ע: נא, נא, א פאטער האט נאך עטוואס אנדערש ווי זיין קינד, אבער א מוטער האט גארנישט א חוץ איהר קינד.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו האסט רעכט, אלטע, זי האט נאר איין לאסט, איך, אבער, האב דריי. און איהר לאסט טראג איך נאך אויך. דענקסט דו נישט, אז איך וואלט געקענט עררייכען א פיעל גרעסערע שטעלונג אין דער וועלט, ווי איין אלטער סאלדאט צו זיין, ווען איך וואלט נישט געהאט איהר און דאס קינד?

ד י א מ ע: יא, אבער דערפון וויל איך יעצט נישט רעדען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, דאס גלויב איך דיר געוויס, ווייל דו ווילסט איך זאל פאר דיר מודה זיין, אז איך בין אונגערעכט.

ד י א מ ע: גלויבט איהר נישט, הערר אדאלף, אז איך בין נור אויסען אייער טובה?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: נא, מיין טהייערע, איך גלויב דאס. אבער דו ווייסט נישט וואס ס'פעהלט מיר. דו זעהסט, עס איז ניט גענוג פאר מיר וואס איך האב דאס קינד דאס לעבען געגעבען, איך וויל איהם אויך מיין זעעלע געבען.

ד י א מ ע: דאס פערשטעה איך נישט. אבער טראץ דעם, דוכט זיך מיר פארט, אז מען קען זיך אייניגען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו ביזט נישט מיין פריינדין, מאר־גארעטא!

ד י א מ ע: איך? אך, גאט! ווי קען דאס גאר הערר אדאלף זאגען. גלויבט איהר דאס, אז איך קען פארגעסען אז איהר זענט מיין קינד געוועזן ווען איהר זענט געוועזן קליין.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, מיין טהייערע! קען איך דען דאָס פערגעסען? דו ביזט דאָך געווען ווי אַ מוטער צו מיר, און האָסט אימער געהאַלטען מיט מיר אין דער צייט ווען אַלע זיינען געווען געגען מיר, און יעצט, ווען ס'הט זיך געמאַכט אַזאַ געשיכטע לאָזט מיך אין דער קלעם און דו געהסט איבער צום שונא.

ד י א מ ע: צום שונא!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, צום שונא! דו ווייסט גאַנץ גוט, ווי אַלעס שטעהט דאָ אין הויז, דו האָסט געזעהן אַלעס פון אָנ־פאַנג ביז צו ענד.

ד י א מ ע: איך האָב גענוג געזעהן! אָבער, מיין גאָט, ווארום זאָלען זיך צוויי מענשען קוועלען צום טויט? צוויי מענשען וועלכע זיינען אנדערוויזע אַזוי גוט און ווינשען אַלעמען גליקזע־ליגקייט. די ווירטהין איז קיין מאָל ניט אַזוי צו מיר אָדער צו אנדערע...

ר י ט מ י י ס ט ע ר: נור געגען מיר. איך וויים דאָס גאַנץ גוט. אָבער הער וואָס איך זאָג דיר, מאַרגאַרעטאַ, ווען דו פערלאָזט מיך יעצט בעגעהסט דו אַ גרויסע זינד, ווייל זיי האָבען יעצט אָנגעפאַנגען שרעקליך צו גראָבען אונטער מיר. און דער דאָקטאָר איז אויך נישט מיין פריינד.

ד י א מ ע: אָך, הערר אַדאָלף, איהר דענקט נאָר פון אַלע־מען שלעכטעס. אָבער איהר זעהט, דאָס איז דערפאַר ווייל איהר האָט נישט דעם אמת'דיגען גלויבען. דאָס איז דערפאַר, דאָס איז דערפאַר.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אָבער דו און די באַפּטיסטען, איהר האָט דעם איינציגען וואָהרען גלויבען געפונען. דו ביזט גליקליך!

ד י א מ ע: יעדענפאַלס, איך בין נישט אַזוי אונגליקליך ווי איהר! בויגט אביסעל איין אייער שטאָלץ הארץ און איהר וועט זעהן דאָס גאָט וועט אויך מאַכען גליקליך און איהר וועט ליעבען דעם צווייטען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ס'איז מערקווירדיג, אזוי ווי דו הויבסט נור אָן צו רעדען פון גאָט און ליעבע, ווערט דיין שטימע אזוי הארט, און דיינע אויגען פיללען זיך אָן פול מיט האס. ניין, מארגארעטא, דו האָסט זיכער נישט דעם ריכטיגען גלויבען.

ד י א מ ע: יא, האלט זיך נאָר שטאָלץ, פעסט ביי אייערע לעהרע אָבער זי קאָן אייך גאָר נישט העלפען ווען עס קומט צו עטוואָס.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ווי הויכמוטהיג דו רעדסט, געבויגע־נעם הארץ! איך ווייס גאַנץ גוט, אז אזוינע חיות העלפט קיין לערנען נישט.

ד י א מ ע: איהר מעגט זיך שעהמען! אָבער מראָץ אַלע־מען האלט דאָך די אַלטע מארגארעטא מיט איהר גרויסען, גרויסען זוהן, און ער וועט נאָך צוריק קומען, ווי א קינד וועלכעס פאלט אריין אין א פערלעגענהייט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: מארגארעטא, זיי מיר מוחל, אָבער גלויב מיר דו ביזט די איינציגע דאָ אין הויז וואָס ווינשט מיר גוטעס. העלף מיר ווייל איך פיהל, אז דאָ וועט עטוואָס פאסירען. וואָס עס וועט געשעהן ווייס איך נישט, נאָר עטוואָס שלעכטס קומט. (עס הערט זיך בערטהא'ס געשריי פון אינ'ווייניג). וואָס איז דאָס? ווער שרייט דאָס?

## נ י י נ ט ע ס צ ע נ ע.

דער ריטמייסטער; בערטהא פון דעם נעבען־צימער לינקס.

ד י א מ ע (ערוויימערט זיך לאַנגזאַם און אונבאמערקט ארויס דורך לינקס).

ב ע ר ט ה א: פאפא, פאפא, העלף מיר, רעטע מיך!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס איז, מיין געליעבטעס קינד? רייד!

ב ע ר ט ה א: העלף מיר! איך גלויב, אז זי וויל מיר עט־וואָס בייזעס אנטהון!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ווער וויל דיר עטוואָס בייזעס אָנ־טהון? זאָג! רייד!

ב ע ר ט ה אָ: די באבע. אָבער עס איז געווען מיין שולד, איך האָב זי אָבגענאַרט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דערצעהל.

ב ע ר ט ה אָ: אָבער דו זאָלסט עס איהר נישט דערצעהלען. הערסט דו? זאָג עס מיר צו.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: נו, לאָמיך שוין הערען וואָס.

ב ע ר ט ה אָ: אין די אבענדען דרעהט זי שטענדיג אריין דעם לאָמפּ, דאַן מאַכט זי מיר צו זיצען ביים טיש מיט אַ פעדער אין האַנד איבער אַ בלאַט פּאַפּיער און דאַן זאָגט זי, אַז גייסטער וועלען שרייבען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס! און דערפון האָסט דו מיר גאָרנישט דערצעהלט!

ב ע ר ט ה אָ: פערצייה מיר, אָבער איך האָב נישט גע־טאָהרט ווייל די באבע האָט געזאָגט, אַז די גייסטער נעמען נקמה ווען מען רעדט איבער זיי. און דאַן פאַנגט די פעדער אָן צו שריי־בען, אָבער איך ווייס נישט צי איך שרייב דאָס. און אַמאָל געהט דאָס גאַנץ גוט, און אַמאָל אָבער געהט דאָס גאָר נישט. ווען איך בין מיעד געהט עס גאָר נישט. אָבער זי וויל פון קיין זאַך נישט וויסען און צווינגט מיך דאָס צו טהון. היינט ביינאַכט האָב איך געדענקט, אַז איך שרייב גוט, אָבער די באבע האָט געזאָגט, אַז דאָס אַלעס איז פון „סטאַנגנעליוס" און אַז איך האָב זי אָבגענאַרט און דאַן איז זי געוואָרען שרעקליך בייז.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: גלויבסט דו, אַז ס'זיינען פאַרהאַן גייסטער?

ב ע ר ט ה אָ: איך ווייס נישט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אָבער איך ווייס, אַז ס'זיינען נישט דאָ.

ב ע ר ט ה אָ: אָבער די באבע זאגט, אַז דו, פּאַפּאַ, פאַר־

שטעהסט עס נישט, און אז דו גיסט זיך אַפּ נור מיט שלעכטע זאַכען מיט וועלכע דו בעהויפּטעסט, אז דו קענסט דורכזעהן אנדע־רע פּלאַנעטען.

ריטמייסטער: זאַגט זי דאַס! זאַגט זי דאַס! און וואָס זאַגט זי נאָך?

בערטהא: זי זאַגט, אז קיין נסים קאַנסט דו נישט ציינען.

ריטמייסטער: דאַס האָב איך אויך קיינמאָל נישט בעהויפּטעט. דו ווייסט וואָס מעטעארשטיינער זיינען? — דאָס זיינען שטיינער וואָס פאַלען אראָב פון אנדערע הימלישע קער־פּערס. זיי קען איך אונטערזוכען און זאָגען אויב זיי ענטהאַלטען דעם זעלבען שטאָף וואָס אונזער ערד. דאָס איז אַלעס וואָס איך קען.

בערטהא: אבער די באבע זאָגט, אז עס זיינען דאַ זאַ־כען וועלכע זי קען זעהן, דו אָבער קענסט זיי נישט זעהן.

ריטמייסטער: זעהסטו, דאָס זאָגט זי א ליגען!

בערטהא: די באבע זאָגט קיין ליגענס נישט.

ריטמייסטער: ווארום נישט?

בערטהא: ווייל דאן זאָגט אויך ליגען די מאַמע.

ריטמייסטער: ה'ם.

בערטהא: און ווען דו זאָגסט אז די מאַמע זאָגט א לי־גען, וועל איך דיר שוין קיין מאָל ניט גלויבען.

ריטמייסטער: דאָס האָב איך ניט געזאָגט. און דארום דאַרפסט דו מיר גלויבען ווען איך זאָג דיר, אז אום דו זאָלסט קאָנען האָבען א גליקליכע צוקונפט דאַרפסט דו פערלאַזען דאָס הויז. ווילסט דו דאָס? ווילסט דו פאָהרען אין שטאָדט לער־נען ניצליכעס?

בערטהא: אה, יא, איך וואָלט זעהר ליעב געהאַט צו זיין אין שטאָדט. אוועק פון דאַנען ווי עס זאָל נישט זיין! ווען איך וואָלט דיך נאָר קענען אמאָל, ניין, גאַנץ אָפט זעהן. אָך, דאָרט אינ'ווייניג איז אזוי טרויריג און פינסטער, אקוראט ווי אין א

ווינטער נאכט. אָבער אזוי ווי דו קומסט נאָר, פּאָטער, ווערט ווי
אין אַ פריהלינג מאָרגען ווען מען נעמט אראָפּ די דאָפּעלפענסטער.

ריטמייסטער: מיין געליעבטעס קינד, מיין טהייערעס קינד!

בערטהא: אָבער, פּאפּא, דו מוזט גוט זיין צו דער מאמען, דו הערסט, זי וויינט זעהר אָפט.

ריטמייסטער: ה'ם!.. דאן ווערסט דו געהן אין שטאָדט?

בערטהא: יא, יא.

ריטמייסטער: אָבער, צום ביישפּיעל, ווען די מאַמע זאָל דיך נישט לאָזען געהן?

בערטהא: אָבער דאָס מוז זי וועלען.

ריטמייסטער: אָבער ווען זי זאָל ניט וועלען?

בערטהא: נו, דאן וויים איך נישט וואָס עס וועט זיין. אָבער זי וועט דאָס מוזען וועלען! זי וועט דאָס מוזען וועלען!

ריטמייסטער: ווילסט דו זי בעטען?

בערטהא: דו דארפסט איהר בעטען וויל מיך הערט זי נישט.

ריטמייסטער: ה'ם!.. נו, ווען איך וויל דאָס, דו ווילסט דאָס, און אז זי וועט נישט וועלען, וואָס וועט דאן זיין?

בערטהא: אך! דאן וועט ווידער ווערען אַ קריעג. פאר וואָס קאָנט איהרביידע נישט...

## צעהנטע סצענע

די פאָריגע. לאורא קומט פון לינקס.

לאורא: אך, אזוי, בערטהא איז דאָ. נו, דאן פיליכט וועלען מיר קענען הערען איהרע אייגענע מיינונגען, ווען איהר אייגענע אנגעלעגענהייט דארף ענטשיעדען ווערען.

ריטמייסטער: דאָס קינד קען קוים אַ ריכטיגע בעגרינדעטע מיינונג האָבען ווי דאָס לעבען פון אַ יונגע מיידעל

דאַרף זיין. מיר דערפֿאַר קענען דאָס גאַנץ לייכט בעאורטהיילען און ענטשיידען, ווייל מיר האָבען געזעהן אַ היבשע צאָהל מיידלעך ווי זייער לעבען האָט זיך ענטוויקעלט.

ל א ו ר א: אָבער מיר האָבען פֿערשיעדענע מיינונגען; בערטהאַ מוז דאָס אַליין ענטשיידען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, איך קען נישט דולדען קיין גוואַלדיגען אַנגריף אויף מיין רעכט, נישט פֿון קיין פֿרויען און נישט פֿון קיין קינדער. בערטהאַ, לאָז אונז אַליין.

ב ע ר ט ה א (געהט אב לינקס).

ל א ו ר א: דיך שרעקט איהר ענטשיידונג, ווייל דו דענקסט אַז זי קען אויספֿאַלען צו גונסטען מיר.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך ווייס אַליין אַז זי וויל אַרויס פֿון דעם הויז, אָבער איך ווייס אויך אַז דו האָסט די מאַכט איהר ווילען און וואונש צו ענדערען.

ל א ו ר א: אה... בין איך אַזוי מעכטיג?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יאַ, דו האָסט אַ טייפֿלישע מאַכט אויסצופֿיהרען וואָס דו ווילסט; אָבער דאָס האָבען נור אימער די יעניגע, וועלכע פֿערמאָגען אין זיך נישט קיין ברעקעל רעספּעקט, ווי, צום ביישפּיעל, האָסט דו געמאַכט, אַז דר. נאָרדלינג זאָל אַוועק און דעם נייעם אַריינגענומען?

ל א ו ר א: יאַ, אָבער ווי האָב איך דאָס געטהון?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו האָסט דעם ערשטען אַזוי לאַנג געערגערט און צרות אָנגעטהון ביז ער איז אַוועק און האָסט געמאַכט דיין ברודער צוזאַמען צו שלעפּען שטימען פֿאַר'ן צווייטען.

ל א ו ר א: יאַ, דאָס איז צוגעגאַנגען פּראָסט און אמת'דיג געזעצליך — הייסט דאָס בערטהאַ וועט פֿערלאָזען די היים?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יאַ, אין פֿיערצעהן טאָג אַרום!

ל א ו ר א: איז דאָס דיין פֿעסטער בעשלוס?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יאַ!

ל א ו ר א: דאַן מוז איך פֿערזוכען דאָס צו פֿאַרהיטען!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאָס קענסט דו נישט.

ל א ו ר א: דענקסט דו ווירקליך, אז איך אלס א מאמע וועל זי לאָזען צווישען שלעכטע מענשען. מענשען, וועלכע וועלען איהר לערנען אז אלץ וואָס איהר מוטער האָט זי געלערנט איז נאַרישקייטען אזוי, אז זי זאָל שפּעטער איהר גאַנץ לעבען מיך פעראַכטען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דענקסט דו אז א פאָטער וועט ערלויבען, אז אונוויסענדע, אונגעבילדעטע פּרויענצימער זאָלען זיין טאָכטער לערנען, אז איהר פאָטער איז א שאַרלאַטאַן?

ל א ו ר א: א פאטער בעדאַרף דאָס גאַנץ ווינציג אַרען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָרום?

ל א ו ר א: ווייל די מוטער שטעהט נעהענטער צום קינד, זינט מען האָט ענטדעקט אז מען קען נישט וויסען פאַר זיכער ווער דער פאָטער פון א קינד איז.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס האָט צו טהון די געשיכטע אין דעם פאַל?

ל א ו ר א: דו קענסט נישט וויסען, צו דו ביזט בערטהאַ'ס פאָטער!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: קען איך דאָס נישט וויסען?

ל א ו ר א: ניין. וואָס קיינער ווייס נישט קענסטו אויך נישט וויסען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איז דאָס שפּאַס אָדער ערנסט?

ל א ו ר א: ניין, איך בעציה זיך נאָר אויף דיין אייגענע לעהרע. איבריגענס, ווי אזוי קענסטו דען וויסען צו איך בין דיר נישט אונטריי געוועזען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך טרוי דיר זעהר פיעל, אָבער נישט דאָס, און נישט דו וואָלסט גערעדט ווען דאָס וואָלט אמת געווען.

ל א ו ר א: אָנגענומען, אז איך בין בערייט צו פערשטויסען און פעראַכטעט צו ווערען, אלעם וואָס דו ווילסט, אום נור צו קענען האַלטען און האָבען א דעה אויף מיין קינד, און אז איך בין

נאָר געווען אויפריכטיג יעצט, ווען איך האָב ערקלעהרט אז בערטהאַ איז מיין קינד און נישט דיינס! אַנגענומען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: הער נור אויף דערמיט!

ל א ו ר א: אַנגענומען נור דאָס איינע: דאַן איז דיין מאַכט איבער איהר צו ענדע.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: נאַ, ווען דו קענסט איבערצייגען אז איך בין נישט דער פאַטער.

ל א ו ר א: דאָס איז קיין שווערע זאַך ניט! וואָלסטו געוואָלט איך זאָל דאָס טהאָן?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: הער נור אויף דערמיט, זאָג איך דיר!

ל א ו ר א: איך בעדאַרף נור דעם ריכטיגען נאָמען פון דעם פאַטער אָנצוגעבען, אַלע איינצעלהייטען, אָרט און צייט — צום בייספּיעל, ווען איז בערטהאַ געבוירען געוואָרען? דאָס דריטע יאָהר נאָך אונזער חתונה —

ר י ט מ י י ס ט ע ר: גענוג דערמיט, אז נישט —

ל א ו ר א: אז נישט, וואָס? נאַ, מיר וועלען דערפון אויפ־הערען! אָבער דו מוזט גוט געדענקען, וואָס דו טהוסט און בע־שליסט, כדי דו זאָלסט זיך נישט מאַכען לעכערליך.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: פאַר מיר זעהט דאָס גאַנץ קלאָגעדיג אויס!

ל א ו ר א: אַלץ מעהר לעכערליכער ביזטו!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: און דו קוקסט נישט אויס לעכערליך?

ל א ו ר א: ניין, איך האָב עס צו קלוג צוזאַמענגעשטעלט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: טאַקע דערפאַר קען מען מיט אייך ניט שטרייטען.

ל א ו ר א: נו, וואָרום לאָזטו זיך אַריין אין אַ שטרייט מיט אַ פיינד וואָס שטעהט העכער פון דיר?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: העכער?

ל א ו ר א: יאָ. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַ מאַן איך זאָל זיך נישט פיהלען העכער פון איהם.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: נו, דאַן וועסטו שוין קריגען איינעם צו זעהן, וועלכער שטעהט העכער פון דיר, אז דו וועסט דאָס קיינ־מאָל נישט פערגעסען.

לאורא: דאָס וועט זיין אינטערעסאַנט.

א מ מ ע (קומט אַריין): דער טיש איז געדעקט, מען קען שוין אריינגעהן עסען.

לאורא: יאָ, מיר געהען באַלד! (דער ריטמייסטער צעגערט; ער זעצט זיך אין אַ שטוהל נעבען דעם סאָפע טיש.)

לאורא: וואָס, דו ווילסט היינט ביינאַכט נישט עסען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, אַ דאַנק, איך וויל גאָר נישט!

לאורא: ווי, דו ביזט בייז?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, אָבער איך בין נישט הונגעריג.

לאורא: קום אַקאָרשט, אַז נישט וועלען זיי מיר שטעלען פראַגען, וועלכע — זיינען אוננויטיג! זיי אַזוי גוט — דו ווילסט נישט; דאַן בלייב דאָ (זי געהט אָב נאָך לינקס).

א מ מ ע: הערר אַדאָלף, וואָס זאָל דאָס הייסען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך וויים נישט וואָס דאָס זאָל הייסען. פילייכט קענסטו מיר ערקלעהרען ווי איהר זיינט דערצו געקומען, צו נעהמען אַן אַלטען מאַן און איהם ווי אַ קליין קינד בעהאַנדלען?

א מ מ ע: דאָס וויים איך נישט, אָבער דאָס מוז זיין דער־פאַר, ווייל א ל ע מענער זיינען פרויען'ס קינדער, די גרויסע אַזוי גוט ווי די קליינע.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אָבער קיין פרוי איז נישט געבוירען געוואָרען פון אַ מאַן. יאָ, אָבער איך בין בערטהאַ'ס פאָטער. זאָג מיר, מאַרגאַרעטאַ, גלויבסטו עס נישט? גלויבסטו עס נישט?

א מ מ ע: אַך גאָט! ווי קינדעריש איהר זייט! געוויס זיינט איהר דער פאָטער פון אייער קינד. קומט נור עסען און זיצט נישט דאָ אַזוי זיך גריבלענדיג. קומט נור!

ר י ט מ י י ס ט ע ר (שטעהט אויף): אַרויס, פרוי! אין

גיהנם מיט אייך, מכשפות! (געהט צו צו דער מיטעז טהיר) היינריך! היינריך!

היינריך (קומט גלייך אריין): הערר ריטמייסטער!

ריטמייסטער: לאז איינשפאנען דעם שליטען, אבער זאפארט!

היינריך (אב דורך די מיטען טהיר).

אממע: הערר ריטמייסטער, הערט נור...

ריטמייסטער: ארויס, פרוי! גלייך!

אממע: גאט בעשיץ אונז! וואס איז דאס אלעס?

ריטמייסטער (מאכט זיך פערטיג צום אויספאהרען): ערוואַרטעט מיך ניט צו הויז בעפאר מיטען נאכט (געהט אב דורך די מיטעל טהיר).

אממע: יעזוס, העלף אונז! מיט וואס וועט זיך דאס אלעס ענדיגען?

(פארהאנג פאלט.)



# צווייטער אַקט

דיזעלבע דעקאָראַציאָן. דער לאָמפּ אויפ'ן טיש ברענט. עס איז נאַכט.

## ערשטע סצענע.

דער דאָקטאָר און לאורא זיצען אַרום דעם מיטעל טיש.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק (אין דער רעכטער זייט): פון דעם אַלעמען וואָס איך האָב אַרויסגעקראָגען פון אונזער אונטערזוכונג איז די זאַך נאָך נישט גאַנץ קלאָהר פאַר מיר. ערשטענס איז דאָס געווען פון אייך אַ טעות, ווען איהר האָט געזאָגט אַז ער איז געקומען צו די אַלע ערשטוינליכע רעזולטאַטען, ווי צו קוקען איבער אַלע אַנדערע הימעל־קערפּערם מיט דער הילף פון אַ מיקראָסקאָפּ און יעצט, ווען איך האָב געהערט אַז מיט אַ ספּעקטראָסקאָפּ, איז ער ניט נאָר פריי פון יעדען פערדאַכט צו זיין וואַהנזיניג, זאָנדערן ער צייגט דערמיט צו האָבען פערדיענט אַ הויכע שטעלע אין דער וויסענשאַפט.

ל א ו ר א: יאַ, אָבער איך האָב אייך דאָס קיינמאָל ניט געזאָגט.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: מאַדאַם, איך האָב אונזער אונטערזוכונג אין גאַנצען פערשריעבען. און איך קען זיך עראיננערען, אַז איך האָב אייך גראַדע איבער דעם הויפּט־פּונקט צוויי מאָל איבערגעפרעגט, ווייל מיר האָט זיך נישט געגלויבט צו איך הער אַלעס ריכטיג. מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַן ערקלעהרונג פון וואַהנזין.

ל א ו ר א: אַן ערקלעהרונג פון וואַהנזין?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: יא, איהר מוזט דאָך געוויס וויסען, אז א וואהנזיניגער פערליערט זיין בירגערליכען און פאמיליען־ רעכט.

לאורא: ניין, דאָס האָב איך נישט געוואוסט.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: און דאָ איז נאָך געוועזן א פונקט וועלכער האָט מיר אויסגעוויזען צו זיין פערדעכטיג. ער האָט גערעדט דערפון, אז אויף אַלע זיינע בריעף צו די בוכהענדלער האָט ער קיין אנטוואָרט נישט געקראָגען. פערצייהעט מיר די פראגע, צו האָט איהר די בריעף אָבגעהאַלטען דורך א טעות, אָדער מיט א קלאָהרע אבזיכט.

לאורא: איך האָב דאָס געטהאָן מיט א קלאָהרע אבזיכט. דאָס איז געווען מיין פפליכט געגען די אינטערעסען פונ׳ם הויז. איך האָב איהם נישט געקענט גאָר אָהן ווידערשפּרוך אונז לאָזען אַלעמען רואינירען.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: ענטשולדיגט. אָבער איך דענק אז איהר האָט נישט געקענט בעאורטהיילען וואָס פאר א פאָלגען אַזא האַנדלונג קען ברענגען. ווען ער זאָל ענטדעקען אייער געהיימען אריינמישען זיך אין זיינע אנגעלעגענהייטען, דאן קען ער קריגען א פערדאכט, וועלכער וועט וואקסען מיט די שנעלקייט פון א לאווינא. אויסערדעם האָט איהר דערמיט אין דעם וועג פון זיין ווילען א גרויסע הינדערניש אוועקגעלעגט, וועלכע קען פאָלגליך נאָך א סך מעהר אויפרעגען און אריינברענגען אין צאָרן. איהר אַליין האָט שוין פילייכט אויך אמאָל אויסגעפונען, ווי עס טהוט וועה די זעעלע, ווען אונזערע אינערע ווינשע ווערען געשטערט, אָדער ווערען איגנאָרירט.

לאורא: איך האָב דאָס שוין גאָר גוט אויסגעפונען!

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: נו, דאן קענט איהר אורטהיילען וואָס ער לעבט דורך.

לאורא (הויבט זיך אויף): ס׳איז שוין מיטען נאכט און

ער איז נאָך נישט אהיים געקומען. מיר קענען זיך יעצט גוט שרעקען.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק (הויבט זיך אויך אויף): אָבער זאָגט מיר נאָר, גנעדיגע פרוי, וואָס איז דאָס געשעהן היינט ביי־נאכט, נאָך דעם ווען איך בין אוועק. איך מוז אַלעס וויסען.

ל א ו ר א: ער האָט פאַנטאַזירט איבער מאָדנע ווילדע זאכען, צום ביישפּיעל פון אַזעלכע איינפעלע: אז ער איז ניט דער פאָטער פון זיין קינד.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: דאָס איז זאָנדערבאַר. אָבער ווי איז ער געקומען צו אַזעלכע געדאַנקען?

ל א ו ר א: איך קען דאָס ווירקליך נישט וויסען, סיידען דערפון וואָס ער האָט דאָ געהאַט אַ פערהער מיט איינעם פון זיינע זעלנער איבער דעם אויסהאַלטען פון אַ קינד. און ווען איך האָב געהאַלטען מיט דעם מיידעל'ס צד, איז ער געוואָרען אויפגערעגט און האָט געזאָגט, אַז קיינער קען נישט וויסען ווער ס'איז געוועזען דער פאָטער פון אַ קינד. גאָט ווייס אַז איך האָב זיך געגעבען די גרעסטע מיה איהם צו בערוהיגען, אָבער איך האָב מורא אַז קיין זאַך קען איהם שוין מעהר נישט העלפען (וויינט).

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: דאָס קען אין אמת'ן ווייטער אַזוי נישט אָנגעהן, עפּעס מוז דערצו געטהאָן ווערען. געוועהנליך, מען טאָר אין איהם קיין שום פערדאַכט ערוועקען. אָבער, זאָגט מיר, האָט דער הערר ריטמייסטער פריהער אויך געהאַט אַזעלכע איינבילדונגען?

ל א ו ר א: מיט זעקס יאָהר צוריק איז דאָ אויך פאָרגעקומען אַזאַ געשיכטע, און יעמאָלט האָט ער אַליין אין אַ בריעף דעם דאָק־טאָר ערקלעהרט, אַז ער שרעקט זיך פאַר זיין פערשטאַנד.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: אָה, יאַ, יאַ, דאָס איז נאַטירליך אַ געשיכטע וועלכע האָט טיעפע וואָרצלען, און די הייליגקייט פון אַ פאַמיליען־לעבען — און אַלעס דאָס — פאָדערט — אַז איך זאָל זיך נישט נאָך אַלעס נאָכפרעגען, זאָנדערן זיך שטיצען דערויף וואָס

איך זעה. וואָס ס'איז געשעהן קען שוין לײדער אונגעשעהן נישט געמאַכט ווערען, און מײן בעהאַנדלונג װעט זיך מוזען בעציהען אויף דעם וואָס ס'איז שוין פאָרגעקומען. — וואו דענקט איהר קען ער איצט זײן?

לאורא: איך קען נישט וויסען, ער האָט יעצט אַזעלכע ווילדע אײנפּעלע.

דר. אָסטערמאַרק: ווילט איהר פיליײכט אַז איך זאָל וואַרטען ביז ער וועט זיך צוריקקעהרען? איך קען זאָגען, אום ער זאָל נישט קריגען קיין פערדאַכט, אַז איך בין געקומען זעהן אײער מוטער, וועלכע פיהלט אַביסעל שלעכט.

לאורא: יא, דאָס איז זעהר גוט, אויסגעצײכענט גוט. און איך בעט אײך דאָקטאָר, פערלאָזט אונז נישט; איך קען אײך גאָר אויף אַזוי פיעל נישט זאָגען ווי אונרוהיג איך בין! אָבער וואָלט דאָס ניט געווען בעסער איהר זאָלט איהם טאַקע באַלד זאָגען, וואָס איהר דענקט ועגען זײן צושטאַנד?

דר. אָסטערמאַרק: אַ וואַהנזיניג קראַנקען זאָגען מיר דאָס קײנמאָל אַפריהער, אײדער זײ רײדען דערפון נישט אַלײן, און אפילו דאַן איז עס אויך מיט אַן אויסנאַהם. דאָס הענגט געװעלץ אָב אין דעם, וואָס פאַר אַ װענדונג די זאַך נעהמט אָן. אָבער מיר דאַרפען דאָ נישט זײן; פיליײכט קען איך אַרײן דאָ, אין נעבען־צימער, דאָס װעט אויסזעהן מעהר נאַטירליכער.

לאורא: יא, דאָס איז זעהר גוט, און דאַן וועט דאָ מאַר־גארעטאַ קענען זיצען. זי איז אײנגעװעהנט דאָ אימער צו זיצען און וואַרטען ווען ער איז אין דער היים נישטאָ, און זי איז די אײנציגע וואָס האָט אַ מאַכט איבער איהם. (זי געהט צו צו דער טהיר לינקס) מאַרגאַרעטהאַ! מאַרגאַרעטהאַ!

אַממע (קומט פון לינקס): וואָס ווינשט די גנעדיגע פרוי פון מיר? איז דער העדר שוין אַהיים געקומען?

לאורא: נײן, אָבער דו בלײב דאָ זיצען און וואַרט פאַר איהם; און ווען ער וועט קומען זאָלסטו איהם זאָגען אַז מײן מוטער

איז קראַנק און מיר האָבען דעם דאָקטאָר גערופען.

אַ מ מ ע: יא, יא, איך וועל שוין זעהן אז אַלעס זאָל זיין גוט.

ל א ו ר א (עפענט די טהיר צום נעבען־צימער, לינקס): וויל דער הערר דאָקטאָר אַזוי גוט זיין און אַהער אריינגעהן?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: אַ דאַנק. (ביידע אָב דורך לינקס.)

צ ו ו י ט ע ס צ ע נ ע.

אַ מ מ ע (נעהמט אַ געזאַנג־בוך און ברילען אַרויס פון איהר קעשענע): יא, יא, יא. (לעזט האַלב לויט):

„דאָס לעבען איז אַ פינסטער גוט
און וועט שוין באַלד אויפהערען,
דער מלאך־המות קיינמאָל רוהט
און רופט צו אַלע ספערען —
ס'איז אייטעלקייט, אַלעס איז אייטעלקייט!"
אַך, יא! יא, יא!

„אַלעס וואָס אָטהעמט אויף דער ערד פון קויט
טרעפט די שווערד, עס העלפט קיין קלאָגען,
און די זארג נאָר אַליין, גערעטעט פון טויט
פערשרייבט אויפ'ן טויטען־וואָגען —
ס'איז אייטעלקייט, אַלעס איז אייטעלקייט!"
יא, יא!

ב ע ר ט ה א (איז וועהרענד דער צייט אַריינגעקומען מיט אַ טאַסע קאַפע און מיט עטוואָס אַ שטיקערייַ טראָגענדיג אין האַנד; זי רעדט שטיל): מאַרגאַרעטהאַ, מעג איך מיט דיר דאָ זיצען? דאָרט אינוועניג איז אַזוי אומעטיג.

אַ מ מ ע: אַך, גרויסער גאָט, דו ביזט נאָך אויף בערטהאַ!

ב ע ר טה א: דו זעהסט, איך מוז אויסנעהען דעם פאַפאַ'ס

ווייהנאכטס־געשאנק. און דאָ האָב איך אויך עפּעס אַ שעהנע זאַך פאר דיר.

אַ מ מ ע : יא, אָבער דאָס מיין ליעבהארציג קינד, וועט נישט זיין גוט. דו בעדארפסט מאָרגען אויפשטעהן אין דער פריה צו דער צייט, און יעצט איז שוין דער זייגער נאָך צוועלף.

ב ע ר ט ה א : וואָס מאכט עס אויס ? איך האָב דאָרט אצונד מורא אליין צו זיצען. מיר דאכט, אז ס'האָט דאָרט עפּעס זיך גערוּדערט.

אַ מ מ ע : האַ ! דו זעהסט, וואָס האָב איך געזאָגט ! יע, איהר וועט נאָך זעהן אז איך האָב אמת געזאָגט, דאָס הויז שטעהט אויף אַ נישט־גוטען באָדען. וואָס האָסטו געהערט ?

ב ע ר ט ה א : אַך, שטעל זיך נאָר פאָר, איך האָב עמיצען געהערט זינגען אויפ'ן בוידעם.

אַ מ מ ע : אויפ'ן בוידעם ? אצונד, אזוי שפּעט ?

ב ע ר ט ה א : יא, ס'איז געווען אזא טרויעריג, אזא טרויע־ריג געזאנג, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען נישט געהערט. און ס'האָט זיך מיר אויסגעוויעזען אז דאָס קומט פון דאך־בוידעם וואו דאָס וויעגעל שטעהט, דו ווייסט דאָך, צו לינקס —

אַ מ מ ע : אַך, מיין טהייערע ! אַך, מיין טהייערע ! און ס'איז נאָך אזא שרעקליכער וועטער היינט ביינאכט ! איך האָב מורא עס זאָל דעם קוימען נישט ארונטערוואַרפען.

„אַך, וואָס איז דאָס לעבען ווערטה,
איז דען דאָ מעהר ווי זאָרג אויף דער ערד.
און ווען ס'איז פאראַנען פרייד וואו,
איז אויך דערינען צרות און שמערצען דאָ.“

יא, קינד, גאָט שיק אונז אַ פרעהליכען און אַ גליקליכען ווייהנאכטס־פעסט !

ב ע ר ט ה א : מארגארעטא, איז עס אמת אז דער פאָטער איז קראנק ?

אַ מ מ ע : יא, מיין קינד.

בערטהא: דאן וועלען מיר דאָך ניט קענען פייערען דעם וויהנאַכטס־פעסט. אָבער ווי קען ער אויף זיין, ווען ער איז קראַנק?

אממע: יא, מיין קינד, ער ליידעט פון אזא קראַנקהייט מיט וועלכע ער קען אויף־זיין. שטיל, איך הער טריט אין פאָדער־הויז. געה לעג זיך שלאָפען, און נעהם מיט דיר מיט דיין טאַסע קאַפע; אז ניט וועט דער הערר זיין אין כעס.

בערטהא (נעהמט איהרע זאַכען און געהט אָב לינקס): א גוטע־נאַכט, מארגארעטא!

אממע: א גוטע־נאַכט, מיין קינד!

דריטע סצענע.

(די אַממע, דער ריטמייסטער קומט דורך די מיטען־טהיר.)

ריטמייסטער (נעהט אַראָב זיינע אויבערקליידער): דו ביזט נאָך אויף? געה שלאָפען!

אממע: אָך, איך האָב נאָר געוואָלט ווארטען ביז איהר וועט קומען.

ריטמייסטער (צינדט אָן אַ ליכט אויפ׳ן שרייב־טיש, עפענט איהם, זעצט זיך אַוועק און נעהמט אַרויס בריעף און צייטונגען פון זיינע קעשענעס).

אממע: הערר אַדאָלף —

ריטמייסטער: וואָס ווילסטו פון מיר?

אממע: די אַלטע פרוי איז קראַנק און דער דאָקטאָר איז דאָ.

ריטמייסטער: איז עס געפעהרליך?

אממע: ניין, איך גלויב אז נישט, ס׳איז נור א קליינע פערקעלטונג.

ריטמייסטער (הויבט זיך אויף און געהט צו צו מאַר־גאַרעטאַ׳ן): ווער איז געוועזן דער פאָטער פון דיין קינד, מאַר־גאַרעטאַ?

אַ מ מ ע: אַך, איך האָב אייך דאָס שוין אַזוי פיעל מאָל דערצעהלט; דאָס איז געוועזן דער טויגעניכטס, יאָהאַנסען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ביזטו זיכער, אַז ער איז דאָס געוועזן?

אַ מ מ ע: אָה, ווי קינדעריש איהר זייט; געוויס בין איך זיכער אַז ער איז געוועזן דער איינציגער.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יאַ, אָבער איז ער געוועזן זיכער, אַז ער איז דער איינציגער? ניין, דאָס וויסען האָט ער נישט געקענט. דו וויעדער האָסט געקענט דערינען גאַנץ זיכער זיין. דו זעהסט, דאָס איז דער אונטערשיעד אין דער זאַך.

אַ מ מ ע: ניין, איך זעה דערינען גאָר קיין אונטערשיעד.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, דו קענסט עס נישט זעהן, אָבער אַן אונטערשיעד איז דאָך דאָ. (ער בלעטערט אַ פאָטאָגראַפיע אַלבום וואָס געפינט זיך אויפ'ן טיש.) וואָס זאָגסטו, איז בערטהאַ עהנליך צו מיר? (ער קוקט אויפ'ן פּאָרטרעט וואָס געפינט זיך אין אַלבום.)

אַ מ מ ע: יאַ, איהר זייט אַזוי עהנליך איינס צום צווייטען, ווי אַרבעס צו אַרבעס.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: האָט יאָהאַנסען געגלויבט אַז ער איז דער פאָטער?

אַ מ מ ע: ער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ס'איז שרעקליך — אָה, דאָ קומט דער דאָקטאָר!

פ י ע ר ט ע ס צ ע נ ע.

(דער ריטמייסטער, די אַממע, דער דאָקטאָר.)

ר י ט מ י י ס ט ע ר: גוטען אבענד, הערר דאָקטאָר! וואָס מאַכט מיין שוויגער?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: אָה, ס'איז גאָרנישט; ס'איז בלויז אַ קליינע אויסוועכנונג פון איהר לינקען פוס.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך גלויב אַז מאַרגאַרעטאַ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז געוועזן אַ פערקעלטונג. און ווי עס צייגט זיך

אוים, איז די אויפפאסונג פון דער זאך געווען זעהר פערשיעדען.
געה שלאָפען, מארגארעטא.

אַ מ מ ע (געהט אָב דורך דער מיט).

(פויזע.)

ר י ט מ י י ס ט ע ר: זייט אזוי גוט און זעצט זיך, הערר דאָקטאָר.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק (זעצט זיך ביים מיטעל טיש אין דער לינקער זייט): אַ דאַנק.

ר י ט מ י י ס ט ע ר (זעצט זיך אויך, אין דער רעכטער זייט): איז עס אמת אז עס קומט ארויס שטרייפיגע זשרעבטשיקעס, ווען מען קרייצט אַ זשעברע מיט אַ קליאַטשע?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק (ערשטוינט): גאַנץ געוויס.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איז עס אמת אז די קומענדע זשערעבטשיקעס ווערען שטרייפיג, ווען מען זעצט פאָר די קרייצונג מיט אַן אָגער?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: יא, דאָס איז אויך אמת.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אַלזאָ, קען אונטער געוויסע אומשטענדען אַן אָגער זיין דער פאָטער פון אַ געשטרייפטען זשערעבטשיק, און וויעדער אומגעקעהרט?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: יא, אזוי ציינט עס אוים.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאָס הייסט, אז די נאָכקומענדע עהנליכקייט מיט'ן פאָטער ציינט גאָרנישט?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: אָה.....

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאָס הייסט, אז די פאָטערשאפט קען איבערהויפט ניט בעוויזען ווערען.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: המ.... יא!...

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איהר זיינט אַן אלמן, און איהר האָט געהאט אַ קינד?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: יא — יא.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: פיהלט איהר אייך נישט אביסעל

לעכערליך אלס א פאטער? איך ווייס נישט וואס עס איז אזוי קאמיש ווי ווען א פאטער געהט אין גאס מיט זיין קינד שפאצי־רען, אדער ווען איך הער א פאטער רעדען, דערצעהלען פון זיינע קינדער. ער בעדארף זאגען: „מיין פרוי'ס קינדער". האט איהר קיינמאל נישט געפיהלט ווי פאלש אייער שטעלונג איז. זיינט איהר אמאל נישט בעאונרוהיגט געווארען פון צווייפעל, שוין ניט צו רעדען פון פערדעכטיגונגען, ווייל איך נעהם אן, אלס איידעל־מאן, אז אייער פרוי איז געשטאנען העכער פון יעדען פערדאכט.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: דאס בין איך קיינמאל נישט; אבער איהר זעהט, הערר ריטמייסטער, א מאן מוז אננעהמען זיינע קינדער אויף טרויען און גלויבען, ווי געטהע, דוכט זיך, זאגט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אויף טרויען און גלויבען — ווען די זאך האנדעלט זיך אום א פרוי? אך, דאס איז צו ריזיקאליש.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: אה, ס'זיינען פאראן פערשיע־דענע פרויען, נישט אלע זיינען גלייך.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: מאדערנע אויספארשונגען האבען בעוויזען, אז ס'איז נור דא איינערליי... אט ווען איך בין געווען יונג בין איך געווען שטארק — איצט קען איך עס זאגען — אויך א גאנץ שעהנער יונג. איך קען זיך אצונד נור דערמאנען אין צוויי מאמענטאנע איינדריקע, וועלכע האבען מיך שפעטער זיך דערמא־נענדיג אן זיי געבראכט צו די יעצטיגע ספיקות. איך האב אמאל גערייזט אויף א דאמפף־שיף. איך און א פאר בעקאנטע מיינע זיינען מיר זיך געזעסען אין דער שענק־קאיוטע. מיט אמאל איז צוגעקומען די יונגע בעל־הבית'טע און האט זיך אוועקגעזעצט גראדע געגענאיבער מיר, און האט וויינענדיג דערצעהלט, אז איהר חתן איז אומגעקומען דורך א שיף־ברוך. מיר האבען איהר בעדויי־ערט, און דערנאך געהייסען געבען שאמפאניער. נאכ'ן צווייטען גלאז האב איך אנגעריהרט איהר פוס, נאכ'ן פיערטען איהר קניע, און אויף דעם צווייטען פריהמארגען האב איהר שוין געטרייסט.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: אָבער, הערר ריטמייסטער, איין שוואַלב מאַכט קיין זומער נישט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אַצונד קומט די צווייטע, און די איז אַ ריכטיגע זומער־שוואַלב. איך בין אַמאָל געווען אין ליסעקיל, דאָרט איז געווען אַ יונגע פרוי וועלכע האָט אויך מיט זיך מיט־געהאַט איהרע קינדער, אָבער איהר מאַן איז געווען אין שטאָדט. זי איז געווען רעליגיעז, האָט בעזעסען עקסטרעמע שטרענגע פּרינ־ציפּען, האָט געפּרעדיגט מאָראַל פאַר מיר און איז געווען, ווי איך האָב געגלויבט, דורכאויס זעהר אַ גרויסע צנועה. איך האָב איהר ענטליהען אַ בוך, אַ צווייטען בוך; און ווען זי האָט געדאַרפט אָברייזען האָט זי מיר — וואָס ס'איז מערקווירדיג גענוג — אַליין זיי צוריקגעבראַכט, און דריי חדשים שפּעטער האָב איך געפונען אין דיזעלבע ביכער אַ וויזיט־קאַרטע מיט אַ גענויע דייטליכע ערקלעהרונג. זי איז געווען אונשולדיג, אַזוי אונשולדיג ווי אַ ליעבעס־ערקלעהרונג פון אַ פערהייראַטהע פרוי צו אַ פרעמדען מאַן קען זיין, וואָס האָט קיינמאָל נישט פערזוכט דאָס אין איהר צו ערוועקען. אַצונד קוקט דער מאָראַל פון דער געשיכטע: גלויב נישט צופיעל.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: מען בעדאַרף אָבער אויך נישט צו וועניג גלויבען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, נישט צו פיעל און נישט צו וועניג, אָבער זעהט איהר, הערר דאָקטאָר, די פרוי איז געווען אַזוי אונבעוואוסט שורקענהאַפט, אַז זי האָט דערצעהלט פון איהר פער־בלענדיגקייט צו מיר, פאַר איהר מאַן. און אין דעם ליגט גראַדע די געפאַהר וואָס זי׳ זיינען אין זייערע אינסטינקטיווער שורקענ־האַפטיגקייט אונבעוואוסט... דאָס נאַטירליך איז פון ווילדע אומ־שטענדען, אָבער מיין אורטהייל קען דאָס ניט פערניכטען, אַמ־הענבסטען עטוואָס מילדערען.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: הערר ריטמייסטער, אייערע

געדאַנקען בעוועגען זיך אין אַ קראַנקהאַפטער ריכטונג, און איהר וואָלט בעדאַרפט אַביסעל אויף אייך מעהר אַכטונג געבען.

ריטמייסטער: דאָס וואָרט קראַנקהאַפט בעדאַרפט איהר ניט געברויכען, איהר זעהט, אַלע דאַמפּפ־קעסלען עקספּלאָדירען, ווען דער מאַנאָמעטער צייגט אויף הונדערט; אָבער די הונדערט איז נישט דיזעלבע פאַר אַלע דאַמפּפ־קעסלען. איהר פערשטעהט? אונטערדעסען זיינט איהר דאָ אויף מיר אַכטונג צו געבען. ווען איך וואָלט נאָר נישט געווען קיין מאַן, וואָלט איך געהאַט דאָס רעכט זיך צו פאַרקלאָגען אָדער אָנצוקלאָגען, ווי דאָס ווערט אַזוי קלוג אָנגערופען, און דאַן וואָלט איך פיעלייכט נעקענט די גאַנצע אונטערשיידונגס־צייכענס פון מיין קראַנקהייט אייך געבען, און, וואָס ס'איז וויכטיגעס פון אַלעס, די היסטאָריע פון מיין קראַנקהייט; אָבער אונגליקליכער ווייזע בין איך אַ מאַן, און פאַר מיר איז גאָר נישטאָ, ווי צוזאַמענקרייצען מיינע הענד איבער מיין ברוסט ווי אַ רוימער און וואַרטען ביז דער טויט וועט קומען. (ער הויבט זיך אויף.) אַ גוטע נאַכט, הערר דאָקטאָר.

ד ר. אָסטערמארק (הויבט זיך אויף): הערר ריטמייסטער, ווען איהר זייט קראַנק, וועט עס גאָר ניט פערלעצען אייער מענליכע גרויסקייט מיר אַלעס צו דערצעהלען. און ווירקליך, איך בין זעהר נייגעריג אויסצוהערען דעם צווייטען צד.

ריטמייסטער: עס איז גענוג, אַז איהר האָט געהערט דעם ערשטען.

ד ר. אָסטערמארק: ניין, הערר ריטמייסטער, ווייסט איהר, ווען איך האָב געהערט פרוי אַלווינג אין איבסען'ס גייסטער איהר לייכען־רעדע איבער איהר פערשטאָרבענעם מאַן, האָב איך ביי זיך געקלעהרט: ס'איז אַ גרויסער שאַד וואָס דער יונג איז שוין געשטאָרבען.

ריטמייסטער: און גלויבט איהר, אַז ער וואָלט געווען עפּעס גערעדט ווען ער וואָלט געווען געלעבט; און גלויבט איהר אַז מען וואָלט איינעם פון די טויטע מענער געגלויבט

אפילו ווען ער וואָלט פון זיין קבר אויפגעשטאַנען? א גוטע נאַכט, הערר דאָקטאָר, איהר זעהט, איך בין רוהיג און איהר קענט אויך רוהיג געהן צו בעט.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: נון, א גוטע נאַכט, הערר ריט־מייסטער. איך קען אין דער זאַך קיין ווייטערע שטעלונג נישט נעהמען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: זיינען מיר זיך שונאים?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: ניין, דורכאויס נישט. ס'איז נור א שאָד וואָס מיר קענען קיין פריינד נישט זיין. (ער געהט אָב דורך דער מיט.)

ר י ט מ י י ס ט ע ר (בעגלייט דעם דאָקטאָר דורך דער מיטעל־טהיר; דאַן געהט ער צו צו דער זייטען־טהיר לינקס, עפענט זי לאַנג־זאַם, און זאָגט): קום נור אריין, איך וויל מיט דיר רעדען! איך האָב געהערט אז דו שטעהסט דאָרט און הערסט זיך צו.

פ י נ פ ט ע ס צ ע נ ע.

(לאורא קומט פערלעגען אַריין פון לינקס. דער ריטמייסטער זעצט זיך ביים מיטעל־טיש אין דער לינקער זייט; און לאורא'ן צייגט ער אָן אַ שטוהל ביים שרייב־טיש.)

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ס'איז שפּעט אין דער נאַכט, אָבער מיר מוזען קומען צו א רעזולטאַט. זעץ זיך. (אַ פּויזע.) איך בין היינט ביינאַכט געווען אויף דער פּאָסט און האָב אָבגענומען בריעף פון וועלכע עס צייגט זיך ארויס, אז דו האָסט צוריקגעהאַלטען מיינע בריעף, ביידע, אי די אָוועקגעשיקטע, אי די אָנגעקומענע. די פאָלגע דערפון איז, אז די פערלוירענע צייט וואָס איך האָב בע־דאַרפט ווארטען האָט צושטערט די רעזולטאַטען אויף וועלכע איך האָב געהאָפּט פון מיין ארבייט.

ל א ו ר א: איך האָב דערביי געהאַט די בעסטע אַבזיכט, ווייל דו האָסט פערנאַכלעסיגט דורך די אַנדערע ארבייטען דיין פּראָפעסיאָנעלען דיענסט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו האָסט דערביי קיין גוטע אבזיכט

נישט געקענט האָבען, ווייל דו האָסט זעהר גוט געוואוסט, אַז איך וועל אַמאָל דערמיט מעהר עהרע געווינען, ווי פון מיין דיענסט; דו האָסט גראָד נישט געוואָלט אַז איך זאָל געווינען וועלכע עס איז עהרע, ווייל דאָס וואָלט געדריקט דיין אונבעדייטענהייט. און דורך דעם האָב איך אָבגענומען און אויפגעעפענט בריעף, וועלכע זיינען געווען אַדרעסירט צו דיר.

ל א ו ר א: דאָס האָסטו זעהר איידעל געהאַנדעלט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך זעה אַז דו האָסט זעהר אַ גרויסע מיינונג וועגען מיר — פון דיעזע בריעף צייגט זיך ארויס, אַז דו האָסט אַ לאַנגע צייט אַלע מיינע אַמאָליגע פריינד געגען מיר פעראייניגט, דערמיט וואָס דו האָסט פערשפרייט קלאַנגען וועגען מיין געמיטהסצושטאַנד. און דו האָסט אין דיינע אונטערנעהמונגען געהאַט ערפאָלג, ווייל עס געפינט זיך שוין נישט איין איינציגער, פון מיין אָבערשט ביז מיין קעכין, וועלכער האַלט מיך פאַר אַ פערניפטיגען. און יעצט וועגען די פאַקטען וועגען מיין קראַנקהייט וועלכע זיינען פאָלגענדע: מיין פערשטאַנד איז נישט גע־ריהרט, ווי דו ווייסט, אַזוי אַז איך קען נאָך ערפילען מיין פפליכט צו מיין דיענסט און מיין פפליכט אַלס אַ פאָטער. איבער מיינע געפיהלען הערש איך נאָך, און זיי וועלען נאָך אַזוי לאַנג הערשען, ווי לאַנג מיין ווילען וועט געוויסערמאַסען זיין פיהלבאַר. אָבער דו האָסט זיי שוין אַזוי לאַנג געשרויפט און געשרויפט, אַז די הויפט־פעדער איז שוין באַלד פאַרטיג אַרונטערצופאַלען און דער גאַנצער מעכאַניזם קען צושמעטערט ווערען. איך וויל נישט אַפּעלירען צו דיינע געפיהלען, ווייל דו האָסט נישט קיין געפיהלען, און דאָס איז דיין קראַפט; זאָנדערן איך אַפּעליר צו דיינע אינטערעסען.

ל א ו ר א: לאָז מיך הערען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו האָסט מיט דיין בענעהמען זיך ערדייכט אין מיר אַרויסצורופען אַזעלכע פערדעכטיגונגען, וועלכע האָבען מיך אַזוי צושטרייט, אַז מיין אורטהיילס־קראַפט איז שיער נישט צושמעטערט געוואָרען, און מיינע געדאַנקען האָבען אָנגע־

פאַנגען צו וואַנדערען. דאָס איז דער אָנקומענדער וואַהנזין אויף וועלכען דו וואַרטסט, און דער קען יעדער מינוט אויסברעכען. אָבער די פראַגע איז דאָ פאַר דיר: צו איז בעסער פאַר דיינע אינ־טערעסען אַז איך זאָל זיין געזונד אָדער וואַהנזיניג! בערעכען נור! ווען איך זאָל צוזאַמענפאַלען, פערליער איך מיין דיענסט, דערפון קענט איהר אַ סך ליידען. ווען איך שטאַרב קריגט איהר מיינע גאַנצע לעבענס־פערזיכערונגען, אָבער ווען איך נעהם זיך דאָס לעבען, דאַן קריגט איהר גאָרנישט. דערפאַר איז עס פאַר דיינע אינטערעסען אַז איך זאָל אויסלעבען מיין לעבען.

ל א ו ר א: איז דאָס אַ פּאַסטקע?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, ס׳איז! און עס ווענדט זיך אָן דיר, צו ווילסטו איהר פערבייגעהן אָדער דיין קאָפּ אין איהר אריינשטעקען!

ל א ו ר א: דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט זיך טויטען? דאָס וועסטו נישט טהאָן!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו קענסט דערינען נישט זיין אַזוי זיכער. דענקסטו אַז אַ מאַן קען לעבען, ווען ער האָט נישט פאַר וועמען און צו וואָס צו לעבען?

ל א ו ר א: דו האַלסט זיך אַלזאָ פעסט?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ניין, איך שלאָג פאָר מיר זאָלען שלום ווערען.

ל א ו ר א: די בעדינגונגען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אַז איך זאָל קענען האָבען מיין פער־שטאַנד. בעפריי מיך פון מיין פערדאַכט און איך גיב דעם שטרייט אויף.

ל א ו ר א: וועלכער פערדאַכט?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איבער בערטהאַ׳ס געבורט.

ל א ו ר א: איז דען דאָ דעריבער עטוואָס צו צווייפלען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך ווער געפּלאָגט פון צווייפעל, איך האָב אַ פערדאַכט, און דו האָסט איהם אַליין אין מיר ערוועקט.

ל א ו ר א: איך?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, דו האָסט זיי אריינגעטריפט אין מיינע אויערן ווי וויזען־קרויט טראָפּען, און די אומשטענדען האָבען זיי געמאַכט וואַקסען. בעפריי מיך פון דער אונגעוויסהייט און זאָג מיר גאַנץ אָפען: אַזוי איז דאָס, אַז מיין פערדאַכט איז א ריכטיגער און איך פערגיב דיר שוין אין פאָראויס.

ל א ו ר א: איך קען דאָך אויף זיך נישט נעהמען א שולד, וועלכע איך בין נישט בעגאַנגען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס מאַכט עס דיר אויס, אַזוי לאַנג דו ביזט זיכער אַז איך וועל דיר נישט פערראַטהען. דענקסטו דען אַז א מאַן קען געהן און אויספּויקען זיין אייגענע שאַנדע?

ל א ו ר א: ווען איך זאָל זאָגען אַז ס'איז נישט אמת, ועסטו זיך נישט איבערצייגען; אָבער ווען איך זאָל זאָגען אַז ס'איז אמת, וואָלסטו זיך יא איבערצייגט. דו נעהמסט דאָך שוין אָן די זאַך פאַר אמת?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואונדערליך איז דאָס; אָבער דאָס קומט דערפון וואָס איין פאַל קען נישט בעוויזען ווערען, ווערהענד דער אַנדערער קען.

ל א ו ר א: האָסטו א גרונד פאַר דיינע פערדעכטיגונגען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, און ניין.

ל א ו ר א: איך דענק אַז דו ווינשט זיך גאַנץ שטאַרק מיין פערברעכען פעסטצושטעלען, דערמיט אַז דו זאָלסט קענען דאָן פון מיר לויז ווערען און האָבען אַן אַבסאָלוטע קאָנטראָל איבער'ן קינד. אָבער מיך ועסטו אין דער נעץ נישט פאַנגען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו קענסט דאָך נישט דענקען אַז איך וועל א פרעמדע קינד צונעהמען, ווען איך וועל זיך איבערצייגען אין דיין שולד?

ל א ו ר א: ניין. איך בין זיכער אַז דו ועסט נישט, דאָס איבערצייגט מיר וואָס דו האָסט ערשט יעצט געלייגט ווען דו האָסט מיר צוגעזאָגט צו פערגעבען אין פאָראויס.

ר י ט מ י י ס ט ע ר (שטעהט אויף): לאורא, רעטע מיך און מיין פערשטאנד. דו פאנגסט נישט אָן צו בעגרייפען וואָס איך זאָג. ווען דאָס קינד איז נישט מיינס האָב איך דערויף קיין שום רעכט נישט, און וויל אויך דעריבער נישט האָבען. און דאָס איז דאָך גראַד וואָס דו ווילסט, נישט אמת? אָדער פיליכט ווילסטו נאָך מעהר? דו ווילסט די מאכט איבער דאָס קינד האָבען, און מיר אויך אין דערזועלבער צייט פאַר א פערזאָרגער?

ל א ו ר א (שטעהט אויף און געהט איבער'ן צימער צו רעכטס): די מאכט, יאָ. איז דען דער גאנצער שטרייט פון לעבען און טויט, מעהר ווי א קאמפף צו בעזיצען די מאכט?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו ווייסט אז איך גלויב ניט אין א צוקינפטיגען לעבען? דאָס קינד איז געווען מיין צוקינפטיגעס לעבען. זי איז געווען די פערקערפערונג פון מיין אונשטערבליכ־קייט, און פיליכט איז דאָס אויך דאָס איינציגע וואָס האָט אין דער ווירקליכקייט א זין. נעהמסטו דאָס צו ביי מיר, פערשניידסטו אויך מיין לעבען.

ל א ו ר א: וואָרום האָבען מיר זיך נישט געשיידט בע־צייטענס?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ווייל דאָס קינד האָט אונז צוזאמענ־געבונדען, און פון דער באנד איז געוואָרען א קייט — און ווי אזוי איז דאָס געשעהן? ווי? איך האָב קיינמאָל איבער דער זאך נישט נאָכגעדענקט, אָבער יעצט שטייגט דאָס אויף אין מיינע עראינע־רונגען, זעהר אָנקלאָגענד, פיליכט, פערדאמט. מיר זיינען געווען צוויי יאָהר פערהייראטה און האָבען קיין קינדער נישט געהאט. דו ווייסט אמבעסטען פארוואָס. איך בין געווען קראנק און געלע־גען אויפ'ן טויטען־בעט. און ווען מיין פיבער האָט מיך אביסעל אָבגעלאָזט, האָב איך געהערט א שטימע פון אינווענינ אין דעם גאסט־צימער. דאָס איז געווען דיין שטימע און דעם אדוואָקאט'ס, איהר האָט גערעדט פון מיין פערמעגען, וואָס איך האָב נאָך דאַן פערמאָגט. ער האָט דיר ערקלעהרט אז דו קענסט גאָרנישט אָב־

ירשה׳נען, ווייל מיר האָבען קיין קינדער נישט, און האָט דיך געפרעגט צו דו האָסט עפּעס האָפנונגען. וואָס דו האָסט איהם געענטפערט האָב איך נישט געקענט הערען. ווען איך בין צוריק געזונד געוואָרען, האָבען מיר געהאַט אַ קינד. ווער איז דער פאָטער דערפון?

לאורא: דו!

ריטמייסטער: ניין, נישט איך בין דאָס. דאָ ליגט בעגראָבען אַ פערברעכען וועלכער פאַנגט זיך אָן ארויסצוצייגען, און וואָס פאַר אַ גיהנם׳שער פערברעכען! איהר זיינט געוועזען גענוג צאַרט צו בעפרייען די שוואַרצע שקלאַפען, אָבער די ווייסע האָט איהר נאָך פאַר אייך בעהאַלטען. איך האָב געאַרבייט, גע־שקלאַפט פאַר דיר, דיין קינד, דיין מוטער, דיינע דיענסטען; איך האָב געאָפּפערט מיין צוקונפט און מיין קאַריערע; איך האָב ערטראָגען פון אייערטוועגען צרות, פּייניגונגען, שלאָפלאָזע נעכט, אונרוה, אַזוי אַז מיינע האָר זיינען גרוי געוואָרען. אַלעס, נור דער־פאַר איהר זאָלט קענען לעבען אין פערגעניגען, פריי, אָהן זאָרגען. און ווען דו ועסט אַלט ווערען זאָלסטו עס קענען ווידער אַמאָל געניסען, און דיין קינד. איך האָב דאָס אַלעס איבערגעטראָגען נישט בעקלאָגענדיג זיך, ווייל איך האָב זיך געהאַלטען דער פאָטער פון דעם קינד. דאָס איז איינפאַך רויבעריש. די ברוטאַלסטע שקלאַ־פעריי; איך האָב זיבעצעהן יאָהר געליטען אַ שטראָף פון וועלכע איך בין געוועזען אונשולדיג — מיט וואָס קענסטו מיר דערפאַר אָבדאַנקען?

לאורא: יעצט ביזטו גענצליך פעררי́קט!

ריטמייסטער: יא, דאָס איז דיין האָפנונג!... (זעצט זיך.) און איך האָב געזעהן ווי דו האָסט זיך געקוועלט דיין פער־ברעכען צו פערבאָרגען. איך האָב געהאַט מיט דיר מיטלייד, ווייל איך האָב דיין זאָרג נישט פערשטאַנען. איך פלעג אָפט בערוהיגען אין אַ ליעבליכען טאָן דיין שלעכטען געוויסען, ווייל איך האָב געדענקט אַז דיר מוטשעט נור אַ קראַנקהאַפטער געפיהל; איך

אליין האָב דיך געהערט אויסשרייען אין שלאָף, באַטש נישט וועלענדיג זיך איינהערען. יעצט דערמאָן איך זיך דאָס, דאָס איז געווען מיט א נאַכט פריהער פון — בערטהאַ'ס געבורטסטאָג, עס איז געווען צווישען צוויי און דריי א זייגער פאר טאָג. איך בין דאַמאָלט אויף געווען און געלעזען א בוך. דו האָסט געשריען אַקו־ראַט ווי איינער וואָלט דיך געוואָלט דערשטיקען: „קום נישט! קום נישט!" איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער וואנד, ווייל איך האָב מעהר נישט געוואָלט הערען. איך האָב שוין מיין פערדאַכט געהאַט פון לאַנג, אָבער איך האָב ניט געוואגט איהם צו הערען בעקרעפ־טיגט. דאָס האָב איך פאר דיר געליטען, וואָס ווילסטו פאר מיר טהאָן?

ל א ו ר א: וואָס איך קען טהאָן! איך קען שווערען ביי גאָט, און אַלעם וואָס מיר הייליג איז, אַז דו ביזט בערטהאַ'ס פאָטער.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס קען דאָס יעצט העלפען, נאָכ־דעם ווי דו אליין האָסט געזאָגט, אַז א מוטער קען און מוז אַלערליי פערברעכען בעגעהן צוליעב איהר קינד. איך בעט דיך, ביי די ער־אינערונגען פון דער פערגאַנגענהייט, איך בעט דיך ווי א פערוואונ־דעטער מאַן בעט פאר א טויט־שטויס, דערצעהל מיר אַלעס. זעה־סטו דען נישט אַז איך בין הילפלאָז ווי א קינד? הערסטו דען נישט אַז איך בעקלאָג זיך פאר דיר ווי א קינד פאר א מוטער? ווילסטו דורכאויס נישט פערגעסען אַז איך בין א מאַן, א סאָל־דאַט, וועלכער קען מיט איין וואָרט הונדערטער מענשען אין חיות פערצאַמען? איך בעט נור מיטלייד ווי א קראַנקער מאַן, איך לייג אוועק מיין צייכען פון מאַכט און בעט גנאַדע פאר מיין לעבען.

ל א ו ר א (געהט צו צו איהם און לעגט איהר האַנד אויף זיין שטערען): וואָס? ! דו וויינסט, מאַן!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, איך וויין, אָבוואָהל איך בין א מאַן. אָבער האָט דען א מאַן קיין הענד נישט, קיין אברים? חושים? געפיהלען? ליידענשאַפטען? ווערט ער ניט גענעהרט מיט

דערזועלבער שפייז, געשעדיגט מיט דיזעלבע וואפען, געווארעמט און געקעלטערט פון דעם זעלבען זומער און ווינטער, ווי א פרוי? אויב איהר קיצעלט אונז, לאכען מיר דען נישט? ווארום זאל א מאן זיך נישט בעקלאגען, א סאלדאט נישט וויינען? דערפאר וויל עס איז אונמענליך! ווארום איז עס אונמענליך!

ל א ו ר א : וויין, מיין קינד, און דו וועסט האבען דיין מוטער ווייטער נעבען זיך. עראינערסטו זיך אין דער ערשטער צייט, ווען איך האב ווי א צווייטע מוטער אין דיין לעבען אריינגטרעטען? דיין גרויסען, שטארקען קערפער האט געפעהלט די נערוועז, דו ביזט געוועזן א ריעזען־קינד, וועלכעס איז ענטוועדער געקומען צו פריה אויף דער וועלט, אדער וועלכעס מען האט פילייכט אין גאנצען נישט געוואונשען עס זאל קומען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר : אזוי איז דאס געוועזן; מיין פאטער און מוטער האבען מיך נישט געוואלט און דערפאר בין איך געבוירען געווארען אהן א ווילען. און דערפאר האט זיך מיר אויסגעוויזען אז איך זעץ צו צו מיר א שטיק, ווען מיר זיינען איינס געווארען, און דערפאר ביזטו געווארען די הערשערין. און איך, דער קאמאנדיר פון דער קאזארמע און פון טרופען, בין געווארען נעבען דיר געהארכזאם, געוואקסען נעבען דיר, געקוקט אויף דיר ווי אויף א הויכען בעגאבטען וועזען, האב זיך צו דיר צוגעהארכט ווי אן אונפערשטענדיגעס קינד.

ל א ו ר א : יא, אזוי איז דאס געוועזן, און דערפאר האב איך דיך געליעבט ווי מיין קינד. אבער ווייסטו — יא, דו האסט עס גאנץ גוט געזעהן, אזוי באלד ווי די נאטור פון דיינע געפיהלען האבען זיך איבערגעענדערט, און ביזט געשטאנען פאר מיר אלס געליעבטער, בין איך רויט געווארען פאר בושה, און דיין אומארמונג איז געוועזן פאר מיר א פרייד, וועלכע עס פלעגט נאכפאלגען געוויסענסביסע, ווען מיין בלוט פלעגט פערשעהמט ווערען. די מוטער איז געווארען א געליעבטע! אבשייליך!

ר י ט מ י י ס ט ע ר : איך האב עס געזעהן אבער נישט

פערשטאנען. און ווען איך האָב אָנגעפאַנגען צו בעמערקען אַז דו פעראַכטעסט מיר פאַר מיין אונמענליכקייט, האָב איך דיך געוואָלט געווינען אַלס אַ ווייב, דערמיט וואָס איך בין פאַר דיר אַלס מאַן געשטאַנען.

ל א ו ר א: יאָ, אָבער דערינען איז געלעגען דיין גאַנצער טעות. די מוטער איז געווען דיין פריינדין און דאָס ווייב דיין פיינדין, און די ליעבע צווישען דיביידע געשלעכטען איז אַ קאַמפּף. און גלויב נישט אַז איך האָב זיך אַוועקגעגעבען; איך האָב נישט געגעבען, זאָנדערן איך האָב גענומען — וואָס איך האָב געוואָלט. אָבער דו האָסט געהאַט איין אויסנוץ וועלכען איך האָב גוט געוואוסט, און האָב געוואָלט אַז דו זאָלסט איהם אויך וויסען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דו האָסט אימער־צו געהאַט דעם נוץ. דו האָסט מיך געקענט היפּנאָטיזירען ווען איך בין גאַנץ וואַכעדיג געווען, אַזוי, אַז איך האָב נישט געקענט זעהן און נישט הערען, און נור דיך פאָלגען. דו האָסט מיך געקענט געבען אַ רויהע קאַרטאָפעל און מיר מאַכען גלויבען אַז דאָס איז אַן עפּעל; דו האָסט מיך געקענט צווינגען דיינע נאַרישע איינפעלע אַלס געניאַ־ליטעטען צו בעוואונדערען; דו האָסט מיך געקענט מאַכען צו בעגעהן אַ פערברעכען, יע, די אונאַנשטענדיגסטע האַנדלונגען, ווייל דיר האָט געפעהלט פערשטאַנד און אַנשטאָט זיך צוצוהערען צו מיינע אידעען, האָסטו געהאַנדעלט לויט נאָך דיין אייגענעם נאַרישען שכל. אָבער נאָכהער, ווען איך האָב ערוואַכט, און האָב אָנגעפאַנגען צו דענקען, און געזעהן אַז מיין עהרע איז געטראַמ־פּעלט געוואָרען, האָב איך זי געוואָלט געווינען דורך אַ גרויסע טהאַט, דורך אַן ענטדעקונג, אָדער דורך אַן עהרענהאַפטען זעלבסט־מאָרד. איך האָב געוואָלט מיטגעהן אין דער מלחמה, אָבער איך האָב עס נישט געטאָרט. דאָס איז געווען דאַמאָלסט ווען איך האָב זיך אַריינגעוואָרפען אין מיינע פאָרשונגען, און יעצט ווען איך האָב נור בעדאַרפט מיינע הענד אויסשטרעקען און נעהמען די פרוכט דערפון, האָסטו מיינע אָרעמס אָבגעשניטען. יעצט בין איך

עהרעלאָז און קען מעהר נישט לעבען, ווייל אַ מאַן קען נישט לעבען אָהן עהרע.

לאורא: אָבער אַ ווייב?

ריטמייסטער: יאַ, ווייל זי האָט איהרע קינדער, און דער מאַן האָט דאָס נישט. אָבער מיר און די איבעריגע מענשהייט לעבען אונזער לעבען אונבעוואוסט ווי קינדער, פול מיט איינביל־דונגען, אידעאַלען און אילוזיאָנען; און דאַן ערוואַכען מיר; דאָס איז נאָך גאָרנישט, אָבער מיר ערוואַכען מיט די פיס אויפ'ן קאָפּ־קישען, און דער וואָס וועקט אונז אויף איז אַליין אַ נאַכטוואַנדלער. ווען פרויען ווערען אַלט און הערען אויף צו זיין פרויען, קריגען זיי אויף דער מאָרדע אַ באָרד; איך וואונדער זיך און פרעג, וואָס קריגען די מענער ווען זיי ווערען אַלט און הערען אויף צו זיין מענער? די וואָס פלעגען אַרויסלאָזען אַ האָהנערשען געשריי, זיינען שוין מעהר קיין העהנער נישט געווען, זאָנדערען קאַפּואַנען*) און די פּילינקען האָבען געענטפערט אויף דעם רוף — און אַזוי האָבען מיר זיך געפונען ווען די זון האָט געזאָלט אויפגעהן אין לבנה־שטראַהלען, זיצענדיג אין רואינען, אַקוראַט ווי אין די גוטע אַלטע צייטען. דאָס איז נאָר געווען אַ קליינער מאָרגען־דרעמעל מיט ווילדע חלומות, אָבער נישט קיין ערוואַכונג.

לאורא: דו ווייסט, דו וואָלסט געקענט זיין אַ גוטער פּאָעט!

ריטמייסטער: עס קען מעגליך זיין!

לאורא: יעצט בין איך שלעפעריג, און אויב דו האָסט נאָך אַזעלכע פאַנטאַזיען, האַלט זיי פאַר מאָרגען.

ריטמייסטער (האַלט זי אָב ווען זי וויל נעבען איהם פערבייגעהן): וואָרט, נאָך איין וואָרט, וואָס איז מעהר וויכטיג פון אַלעם: פיהלסטו אַ האַס צו מיר?

לאורא: יאַ, צייטענווייז, ווען דו ביזט אַ מאַן.

---

*) אַ מענליכער פויגעל, וועלכען מען האָט געמאַכט פאַר אויס זכר.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאָס איז אַלזאָ אַזאַ סאָרט ראַסען־האַס. אויב ס'איז אמת, אַז מיר שטאַמען פון אַפען, דאַן מוז דאָס מינדעסטענס זיין פון צווייערליי מינים; מיר זיינען איינס צום אַנדערען נישט עהנליך!

ל אַ ו ר אַ: וואָס ווילסטו מיט דעם אַלעמען זאָגען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איך פיהל אַז איינער מוז אין דעם קאַמפף אונטערגעהן.

ל אַ ו ר אַ: ווער?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דער שוואַכערער, נאַטירליך.

ל אַ ו ר אַ: און דער שטאַרקערער, וועט ער האָבען רעכט?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: געוויס, אַזוי לאַנג ווי ער האָט די מאַכט.

ל אַ ו ר אַ: דאַן האָב איך רעכט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: האָסטו דען די מאַכט?

ל אַ ו ר אַ: די מאַכט פון געזעץ, און דאָס איז די, אונטער וועמעס אויפזיכט איך וועל דיך מאָרגען שטעלען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אונטער אַן אויפזיכט?

ל אַ ו ר אַ: יאַ, און דאַן וועל איך אַליין קאָנען ערציהען מיין קינד, נישט דאַרפענדיג זיך צוהערען צו דיינע חלומות.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: און ווער וועט בעצאָהלען פאַר די ערציהונג, ווען איך וועל מעהר נישט זיין?

ל אַ ו ר אַ: דיין פענסיאָן.

ר י ט מ י י ס ט ע ר (געהט צו איהר סטראַשענדיג): ווי האָסטו געקענט מאַכען מיך צו שטעלען אונטער די אויפזיכט פון אַ געריכט?

ל אַ ו ר אַ (נעהמט אַרויס אַ בריעף): אויפ'ן גרונד פון דעם בריעף, פון וועלכען אַן איבערגעשריעבענע קאָפּיע געפינט זיך יעצט פאַר די הויפּט־ריכטער פון וואַהנזין־געריכט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף?

ל אַ ו ר אַ (ציהט זיך הינטערוויילעכס צוריק צו דער טהיר,

לינקס): פון דיר! דיין ערקלערונג צום דאָקטאָר, אַז דו ביזט וואהנזיניג.

ר י ט מ י י ס ט ע ר (קוקט איהר אָן שטום).

ל א ו ר א: דו האָסט שוין, ליידער, דיין פּפליכט אַלס נויט־ווענדיגער פאָטער און ברויט־פערזאָרגער ערפילט. דו ביזט מעהר נישט נויטיג און קענסט געהן. דו קענסט געהן, ווייל דו האָסט שוין איינגעזעהן אַז מיין פערשטאַנד איז אַזוי שטארק ווי מיין ווילען, און ווייל דו ווילסט דאָ ניט שטעהן און עס אנערקענען. (זי ווענדעט זיך אָבצוגעהן, דורך לינקס.)

ר י ט מ י י ס ט ע ר (געהט צו צום מיטעל־טיש, כאַפּט דעם ברענענדען לאָמפּ און שליידערט איהם געגען לאורא׳ן, וועלכע ענטלויפט הינטערוויילעכס דורך דער זייטען־טהיר, לינקס).

(פאָרהאַנג פאַלט.)



# דריטער אקט

(די זעלבע דעקאָראַציאָנען, אויפ'ן מיטעל־טיש שטעהט אַן אַנדער לאָמפּ. די טאַפּעטען־טהיר, לינקס, איז פערשטעלט מיט אַ שטוהל.)

## ערשטע סצענע.

(די אַממע, לאורא.)

לאורא: האָסטו פון איהם געקראָגען די שליסלען?

אַממע: געקראָגען? זאָל איין גאָט זיך דערבארעמען! אָבער איך האָב זיי גענומען פון זיינע קליידער, וועלכע נאָיד האָט אויסגעפּוצט אין דרויסען.

לאורא: הייסט דאָס, אַז נאָיד איז היינט אויף דער וואך!

אַממע: יא.

לאורא: גיב מיר די שליסלען.

אַממע: אָבער איהר הערט, גנעדיגע פרוי, זיין ארומ־שפּאַנען דאָרט אויבען? ארויף און אראָב, ארויף און אראָב!

לאורא: איז די טהיר פעסט פערשלאָסען?

אַממע: יא, זי איז גענוג פעסט פערשלאָסען.

לאורא (עפענט אויף דעם שרייב־טיש און זעצט זיך אַוועק נעבען איהם): קאָנטראָליר דיינע געפיהלען, מארגארעטא, קיין זאַך אויסער רוהיגקייט קען אונז דאָ נישט העלפען. (מען קלאַפּט.) ווער איז דאָס?

אַממע (עפענט די מיטעל־טהיר): דאָס איז נאָיד.

לאורא: לאָז איהם אַריין.

נאָיד (קומט אַריין): אַ בריעף פון דעם הערר אָבערשט!

ל א ו ר אַ: גיב איהם אהער. (זי לעזט.) אזוי!... נאַיד, האָסטו אַלע פּאַטראָנען פון די געוועהר און די יאַג־טאַשען ארויס־גענומען?

נ אַ י ד: אַלעס ווי די פרוי ריטמייסטער האָט בעפוילען!

ל א ו ר אַ: דאַן וואַרט אין דרויסען, ביז איך וועל ענטפערען דעם בריעף צום הערר אָבערשט! (נעהמט שרייבען; נאַיד אָב דורך דער מיט.)

א מ מ ע: הערט נור, גנעדיגע פרוי! וואָס דענקט איהר טהוט ער דאָרט אויבען?

ל א ו ר אַ: זיי שטיל, שטער מיך נישט ווען איך שרייב. (עס הערט זיך ווי מען זעגט.)

א מ מ ע (רעדט האַלב לויט, פאַר זיך): אַך, זאָל אונז גאָט אין זיין בארמהערציגקייט קומען צו הילף! מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיגען!

ל א ו ר אַ: נאַ... גיב דאָס נאַיד'ען! און מיין מוטער טאָר דערפון גאָר נישט וויסען! דו הערסט?

א מ מ ע (אָב דורך דער מיט).

ל א ו ר א (ציהט אַרויס די שופלאדען פון שרייב־טיש און נעהמט אַרויס פּאַפּיערען).

## צ ו ו י י ט ע ס צ ע נ ע.

(לאורא, דער פּאַסטאָר קומט דורך די מיטעל־טהיר.)

פּ אַ ס ט אָ ר (נעהמט אַ שטוהל און זעצט זיך נעבען לאָורא'ן ביים שרייב־טיש): גוטען אבענד, שוועסטער! איך בין געוועזען אוועק, ווי דו האָסט געהערט, דעם גאַנצען טאָג און בין יעצט ערשט געקומען — דאָ איז דערוויילל פאַרגעקומען שרעקליכע זאַכען?

ל א ו ר אַ: יאָ, ברודער. איך האָב נאָך אין מיין לעבען נישט דורכגעמאַכט אזאַ נאַכט און אזאַ טאָג.

פּ אַ ס ט אָ ר: נאַ, איך זעה יעדענפאַלס, אז דיר איז קיין שום שלעכטס ניט געשעהן.

ל א ו ר א: ניין, דאנקען גאָט, אָבער דענק נור וואָס עס האָט געקענט געשעהן!

פ א ס ט אָ ר: זאָג מיר נור דאָס איינע: ווי האָט זיך דאָס אייגענטליך די געשיכטע אָנגעפאנגען. איך האָב דערפון אזוי פיעל פערשיעדענע זאכען געהערט.

ל א ו ר א: עס האָט זיך אָנגעפאנגען מיט זיינע ווילדע פאנטאזיען, אז ער איז נישט בערטהא'ס פאָטער, און עס האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס עה ראָט אויף מיר געוואָרפען דעם ברע־נענדען לאָמפ.

פ א ס ט אָ ר: דאָס איז שרעקליך, דאָס איז פאָלשטענדיגער וואהנזין! און וואָס איז יעצט צו טהאָן?

ל א ו ר א: מיר מוזען פערהיטען עס זאָל נישט קומען צו קיין נייע געוואלד־טהאטען. דער דאָקטאָר האָט שוין געשיקט אין האָספיטאל נאָך א צוואנגס־יאקע. און וועהרענד דער צייט האָב איך שוין געשריעבען צום אָבערשט, איך זוך צו בעקענען זיך מיט די געשעפטליכע אנגעלעגענהייטען פון הויז, וועלכע ער האָט געפיהרט אויף א העכסט אונפערשטענדליכען אופן.

פ א ס ט אָ ר: דאָס איז ווירקליך א טרויעריגע געשיכטע. אָבער איך האָב שטענדיג ערוואַרטעט אזא זאך. פייע ראון וואסער — מוז זיך ענדיגען מיט אן עקספלאָזיאָן! וואָס האָסטו אין דעם שופלאָד?

ל א ו ר א (ציהט ארויס א שופלאָד): זעה, ער האָט דאָ אלעס בעהאלטען.

פ א ס ט א ר (קוקט אריין אין שופלאָד): גאָט אין הימעל, ער האָט דאָ דיין ליאלקע; דיין הויב אין וועלכע דו האָסט זיך געטויפט; און בערטהא'ס קלאפער; אויך דיינע בריעף, דיין מעדא־ליאָן. (ער ווישט זיך די אויגען.) ער האָט דיך געמוזט זעהר ליעב האָבען, לאורא. איך האָב אזעלכע זאכען נישט בעהאלטען.

ל א ו ר א: איך גלויב אז פריהער פלעגט ער מיך ליעב האָבען — אָבער די צייט ענדערט אלעס.

פ אַ ס ט אָ ר: וואָס איז דאָס פאַר אַ גרויס שטיק פּאַפּיער? אַ קוויטונג־צעטעל פאַר זיין קבר! יאַ, בעסער דער גרוב ווי דער משוגעים־הויז! לאורא, זאָג מיר, האָסטו אין דעם גאָר קיין שולד ניט?

ל א ו ר א: איך? וואָס קען איך דאָ האָבען פאַר אַ שולד, ווען אַ מענש ווערט וואַהנזיניג?

פ אַ ס ט אָ ר: יאַ, יאַ, איך וויל בעסער דערפון נישט רעדען! נאָך אַלעמען, בלוט איז דאָך געדיכטער ווי וואַסער!

ל א ו ר א: וואָס ערלויבסטו זיך צו מיינען?

פ אַ ס ט אָ ר (קוקט איהר שטאַרק אָן): הער נור!

ל א ו ר א: וואָס?

פ אַ ס ט אָ ר: הער! דו קענסט דאָך נישט אָבלייקענען, אַז דאָס שטימט מיט דיין וואונש, אַז דו זאָלסט קענען אַליין ערציהען דאָס קינד?

ל א ו ר א: איך פערשטעה דיך נישט.

פ אַ ס ט אָ ר: ווי איך בעוואונדער דיך!

ל א ו ר א: מיך? המ...!

פ אַ ס ט אָ ר: און איך וועל יעצט דאַרפען היטען דעם פריידענקער דאָרט! דו ווייסט, איך האָב איהם אימער־צו בעטראַכט אַלס אַ קערענדעל אין אונזער גאָרטען.

ל א ו ר א (מיט אַ קורצען אונטערדריקטען שמייכעל): און דאָס וואָגסטו צו זאָגען מיר, זיין פרוי?

פ אַ ס ט אָ ר: דו ביזט שטאַרק, לאורא! אונגלויבליך שטאַרק! ווי אַ פוקס אין דער פאַסטקע, בייסטו זיך ליעבערשט אָב דעם פוס, איידער זיך לאָזען פאַנגען! ווי אַ מייסטער־גנב: קיין מיטשולדיגער, אפילו אין דיין אייגענעם געוויסען אויך נישט! — לאָמיך אַ קוק טהאָן אויף דיינע הענד! — נישט איין פעררעטהע־רישער בלוט־פלעק, נישט איין שפור פון אונטערגעוואָרפענעם גיפט; דאָס איז אַ קליינער אונשולדיגער מאָרד, וועלכער קען אפילו פאַר דעם געזעץ נישט פאָרקומען; אַן אונבעוואוסטער פערברעכען;

אונבעוואוסט? דאָס איז אַ גרויסאַרטיגע ערפינדונג! דו הערסט וואָס ער דערצײלט... דאָרט אויבען! היט זיך — ווייל ווען ער וועט זיך פון דאָרט אַרויסרייסען, וועט ער דיך צוזעגען ווי אַ ברעט אויף צווייען.

ל א ו ר א: דו פֿלאַפּעלסט צופֿיעל, פּונקט ווי דו וואַלסט געהאַט אַ געוויסען פֿול מיט שלעכטס — בעשולדיג מיך, אויב דו קענסט!

פ א ס ט אָ ר: דאָס קען איך נישט.

ל א ו ר א: דו זעהסט! דו קענסט נישט, און דערפֿאַר בין איך אונשולדיג. דו גיב נור אַכטונג זאָלסט גוט היטען, און דאָס איבעריגע וועל איך שוין אַליין פֿערזאָרגען. (זי הויבט זיך אויף.) אָה, דאָ קומט דער דאָקטאָר.

## דריטע סצענע.

(די פֿאָריגע, און דער דאָקטאָר.)

ל א ו ר א: גוטען אָבענד, הערר דאָקטאָר! איהר וועט דאָך מיר אויך אַביסעל העלפֿען, וואָס? קיין סך איז שוין ליידער נישט געבליבען צו טהאָן. איהר הערט וואָס ער דערצײלט דאָרט אויבען? יעצט זיינט איהר שוין איבערצייגט?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק (שטעלענדיג זיך אין דער מיט צווישען זיי): איך בין איבערצייגט אַז אַ געוואַלד־טהאַט איז בעגאַנגען געוואָרען, אָבער יעצט איז די פֿראַגע, צו זאָל די געוואַלט־טהאַט בעטראַכט ווערען אַלס אַן אויסברוך פֿון צאָרן, אָדער אַלס אַן אויסברוך פֿון וואהנזין?

פ א ס ט אָ ר: אָבגעזעהן פֿון דעם אויסברוך אַליין, מוזט איהר דאָך צוגעבען, אַז ער האָט געהאַט „פֿיקסע אידעען".

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק: איך גלויב, הערר פאַסטאָר, אַז אייערע אידעען זיינען נאָך מעהר „פֿיקסער".

פ א ס ט אָ ר: מיינע טיעפֿע אַנזיכטען פֿון די העכסטע זאַכען —

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: לאָמיר לאָזען די אנזיכטען אָן א זייט. — עס הענגט גענצליך אָב אָן אייך, גנעדיגע פרוי, וואָס פאר אַן ערקלעהרונג איהר וועט געבען, צו זאָל אייער מאַן געפונען ווערען שולדיג אין אַ פערברעכען און ווערען בעשטראָפט, אָדער ער זאָל אוועקגענומען ווערען אין אַ משוגעים־הויז. וואָס פאר אַ בענעהמונג, דענקט איהר, איז געוועזן דעם ריטמייסטערס?

ל א ו ר א: איך קען יעצט דערויף נישט ענטפערען.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: און איהר האָט נישט קיין פעסטע אנזיכט דעריבער, וואָס קען דיענען אַם מייסטען די אינ־טערעסען פון דער פאַמיליע? וואָס זאָגט איהר, הערר פּאַסטאָר?

פּ אַ ס ט אָ ר: ס'איז נישט אַזוי לייכט צו זאָגען. עס וועט זיין אַ סקאַנדאַל אין ביידע זייטען, אַזוי אָדער אַזוי.

ל א ו ר א: אָבער ווען ער זאָל נור געאורטהיילט ווערען פאר אַ געוואַלד־טהאַט, דאַן קען ער עס דאָך נאכהער וויעדער אמאָל בעגעהן?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: און אויב ער זאָל געשיקט ווערען אין אַ געפענגניס, קען ער באַלד וויעדער ארוים פריי. אַלזאָ זעהען מיר איין, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען ער זאָל פון ערשטען אוינענבליק אָן בעהאַנדעלט ווערען אַלס וואַהנזיניגער. — וואו איז די אַממע?

ל א ו ר א: צו וואָס?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: זי זאָל דעם קראַנקען אָנטהאָן די צוואַנגס־יאַקע, ווען איך וועל מיט איהם רעדען און איהר דאָס בעפעהלען צו טהאָן. אָבער נישט פריהער. איך האָב זי שוין דרויסען. (ער געהט דורך דער מיט אַרויס אין פאָדער־הויז און קומט באַלד צוריק מיט אַ גרויס פּעקעל.) זייט אַזוי גוט און הייסט די אַממע אריינקומען. (לאורא קלינגט.)

פּ אַ ס ט אָ ר: שוידערליך! שוידערליך! (די אַממע קומט אַריין.)

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק (בינדט אויף דאָס פּעקעל און נעהמט

אַרוים די צוואַנגס־יאַקע) : איהר זעהט, קוקט נור אהער! עס איז זעהר נויטיג, איהר זאָלט די יאַקע אַנטהאָן דעם ריטמייסטער פון הינטען, ווייל איך האָב איינגעזעהן, אז אום צו פערמיידען ווייטערע געוואַלד־טהאטען מוז דאָס געטהאָן ווערען. ווי איהר זעהט, האָט זי אונגעהייער לאַנגע ארבעל, דערמיט עס זאָל קענען היגדערען זיינע בעוועגונגען. און מען דאַרף זיי צוזאַמענקניפּען אויפ׳ן רוקען. דאָ זיינען אויך צוויי רימענס וועלכע ווערען דורכגעצויגען דורך שנאַלען, און דאַרפען דערנאָך אויף דעם לעהן פון אַ שטוהל אָדער אויף אַ סאָפע, ווי עס מאַכט זיך בעסער צום האַנד, צוגעשנאַלט ווערען. וועט איהר דאָס טהאָן?

א מ מ ע : ניין, הערר דאָקטאָר, דאָס קען איך נישט; איך קען עס נישט!

ל א ו ר א : וואָרום מאַכט איהר עס נישט אַליין, הערר דאָקטאָר?

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק : ווייל דער קראַנקער האָט צו מיר נישט קיין צוטרויען. איהר, גנעדיגע פרוי, וואָלט דאָס געקענט טהאָן אַמבעסטען, אָבער איך האָב מורא, אז ער טרויט אייך שוין אויך נישט.

ל א ו ר א (מאַכט אַקורצע, אונצופריעדענע בעוועגונג).

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק : פיליייכט איהר, הערר פּאַסטאָר?

פ א ס ט אָ ר : ניין, איך נישט, אַ דאַנק.

פ י ע ר ט ע ס צ ע נ ע.

(די פאָריגע. נאַיד קומט צוריק דורך דער מיט.)

ל א ו ר א : האָסטו שוין איבערגעגעבען דעם בריעף?

נ אַ י ד : ווי איהר האָט בעפוילען, גנעדיגע פרוי.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ א ר ק : זיינט איהר דאָס נאַיד? איהר זיינט דאָך בעקאַנט מיט די פערהעלטניסע דאָ, איהר ווייסט אז דער הערר ריטמייסטער איז ניט ביים ריכטיגען זינען, און איהר מוזט אונז העלפען אויף איהם אכטונג געבען.

נ אַ י ד: אויב איך קען עטוואָס טהאָן פאַר דעם העררן ריט־מייסטער, וועל איך עס גערן טהאָן.

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: איהר זאָלט איהם אָנטהאָן די צוואַנגס־יאַקע —

אַ מ מ ע: ניין, ער זאָל זי אפילו נישט בעריהרען. נאַיד זאָל איהם גאָר קיין שלעכטס נישט טהאָן. איך וועל עס ליעבערשט טהאָן אליין, זעהר, זעהר זאַנפט. און נאַיד זאָל מעהר נישט ווי ווארטען אין דרויסען אונטער דער טהיר און מיר קומען צו הילף, ווען עס וועט נויטיג זיין. דאָס אלעס. (עס הערט זיך אַ זעהר הויך קלאַפּען אויף דער טאַפּעטען־טהיר.)

ד ר. אָ ס ט ע ר מ אַ ר ק: דאָ איז ער! לעגט אַ וועק די יאַקע אונטער אַ שאַל אויף יענעם שטוהל. (ער צייגט איהר אָן אַ שטוהל אונטער׳ן מיטען־טיש.) און יעצט געהט אַלע ארויס; איך און דער העררן פּאַסטאָר וועלען איהם עמפּפאַנגען. געהט שנעל, די טהיר קען נאָך האלטען בלויז איין מינוט.

אַ מ מ ע (פאָלגט די אָנווייזונג פון דעם דאָקטאָר, און געהט אָב נאָך לינקס).

נ אַ י ד (אָב דורך דער מיט).

ל אַ ו ר אַ (פערשליסט דעם שרייב־טיש, און געהט אָב נאָך לינקס).

(דער דאָקטאָר און דער פּאַסטאָר ציהען זיך צוריק, קוקענדיג אויף דער טהיר, אין הינטערגרונד צו לינקס; באַלד ווערט די טאַפּעטען־טהיר מיט אַזאַ קראַפט אויפגעריסען, אַז דער שלאָס שפּרינגט אָב און דער שטוהל ווערט אומגעוואָרפען.)

## פ י נ פ ט ע ס צ ע נ ע.

ר י ט מ י י ס ט ע ר (קומט ארויס מיט אַ הויפען ביכער אונטער זיין אָרעם און לעגט זיי אויפ׳ן טיש): אלעס איז דאָ צו לעזען, אין אלע ביכער. איך בין אלזאָ משוגע נישט געוועזן! דאָ געפינט זיך אין דער אָדיסעע, אין ערשטען געזאַנג, פערז צוויי הונדערט און

פופצעהן, זייטע זעקס, אפּסאַלאַ׳ס איבערזעצונג, עס איז טעלעמאַך וועלכער רעדט צו אַטהענע: „מיין מוטער האָט מיר געזאָגט: אַז ער, אָדיסעע, איז מיין פאָטער, אָבער איך ווייס נישט, ווייל פון זיך אליין האָט נאָך קיינער נישט געוואוסט“. און דער צווייפעל זיצט אין טעלעמאַך פון פענעלאָפּע, די טוגענדהאפטסטע פרוי. דאָס איז שעהן: נישט? און דאָ האָבען מיר דעם נביא יחזקאל: „דער נאַר זאָגט: זעה, דאָס איז מיין פאָטער, אָבער נאָר זי קען וויסען ווע־מעס לענדען האָבען מיך ענטוויקעלט“. דאָס איז גאַנץ קלאָהר. וואָס האָב איך דאָ? רוסלאַנד׳ס ליטעראטור־געשיכטע פון מערסלעקאָוו: „אַלעקסאַנדער פושקין, רוסלאַנד׳ס גרעסטער דיכטער, איז מעהר געשטאָרבען פון די יסורים דורך די נאַכריכט וואָס עס איז פער־שפּרייט געוואָרען, אַז זיין פרוי איז איהם אונטריי געווען, ווי פון דער קויל וואָס ער האָט געקראָגען ביים דועל אין ברוסט, און אויפ׳ן טויטען־בעט האָט ער געשוואָרען אַז זי איז שולדיג“. עזעל! וואָס פאַר אַן עזעל! ווי האָט ער געקענט שווערען דערויף? יעצט הערען זיי כאָטש ווי איך לעז מיינע ביכער! (קוקט זיך אַרום און דערזעהט ביידע מענער.) אַך, זעה נור, יאָהאַנעס, ביזטו דאָס? און דער הערר דאָקטאָר! אַך, איך זעה שוין! האָט איהר געהערט וואָס איך האָב אמאָל געענטפערט אַן ענגלישע דאַמע, וועלכע האָט זיך פאַר מיר בעקלאָגט, אַז די אירלענדער פלעגען זייערע פרויען ברענענדע לאָמ־פּען אין די געזיכטער וואַרפען“, „גאָט ווייס וואָס פאַר א ווייבער“, האָב איך אויסגעשריען. — „ווייבער?“ האָט זי געשטאַמעלט. — „יא, נאַטירליך“, האָב איך געענטפערט. „ווען עס קומט דערצו, אַז א מאַן, א מאַן, וועלכער האָט געליעבט און געדיענט א פרוי, נעהמט א ברענענדע לאָמפּ און שליידערט איהר אין געזיכט אריין, קען מען דאָך שוין וויסען“...

פ אַ ס ט אָ ר: וואס קען מען וויסען?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: גארנישט, מען קען קיינמאָל גאר־נישט וויסען. מען גלויבט נור, איז דאס נישט אמת, יאָנאס? מען גלויבט, און דאן ווערט מען געראטעוועט! יא, דאס קען מען ווע־

רען! אבער איך ווייס, אז מען גלויבט, קאן מען אונטערגעהן. דאס ווייס איך!

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק: הערר ריטמייסטער!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: ש־ש־ש... איך וויל מיט אייך נישט רעדען; איך וויל אייך נישט הערען איבערפלאפלען וויא א טע־לעפאן, אלעס וואס עס ווערט דא אינוויינינג גערעדט! — הער, יאנאס, גלויבסט דו אז דו ביזט דער פאטער פון דיינע קינדער? איך געדענק אז איהר האט געהאלטען א הויז־לעהרער, א גאנץ שעהנעם יונג, און פון וועלכען מען האט זעהר פיעל גערעדט.

פ א ס ט א ר: אדאלף, היט זיך!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: טהו נאר א טאפ אונטער דיין פארוק און זעה צי דו קענסט דארט נישט אנטאפען צוויי קנויטען. אויף מיין עהרען ווארט, מיר דוכט, אז ער ווערט בלייך! יא, יא, זיי רעדען נור, אבער, גרויסער גאט, זיי רעדען אזוי פיעל. אבער נאך אלעמען זיינען מיר פערהייראטע מענער נישט מעהר ווי לעבערליכע גארנישטען. נישט אמת, דאקטאר? און ווי איז עס פארגעקומען מיט אייער פאמיליען־בעט? האט איהר אמאל נים געהאט א לייטנאנט ביי אייך אין הויז, הא? ווארטסט נאר, איך וויל יעצט דעראטען: ער הייסט (שושקעט עטוואס דעם דאקטאר אין אויער אריין) איהר זעהט, ער ווערט אויך בלייך! אבער איהר דארפט אייך שוין מעהר נישט ערגערען, זי איז שוין טויט און בעגראבען! און וואס עס איז געשעהן קען שוין אונגעשעהן נישט געמאכט ווערן. איך אבער, האב איהם געקענט, און ער איז יעצט — — קוקט אויף מיר, הערר דאקטאר — — ניין, גלייך אין געזיכט אריין — א מאיאר ביי די דראגונערם! און כאפט מיך דער טייפעל אויב איך גלויב נישט, אז ער האט אויך געהאט הערנער.

ד ר. א ס ט ע ר מ א ר ק (פערדריסליך): הערר ריט־מייסטער, וואלט איהר פיליכט נישט געוואלט רעדען פון עט־וואס אנדערש.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: איהר זעהט! ער וויל באלד רעדען פון עטוואס אנדערש ווען איך האב נור דערמאהנט הערנער.

פ א ס ט א ר: ווייסט דו, אדאלף, אז דו ביזט וואהנזיניג?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יא, דאס ווייס איך גאנץ גוט, אבער וואלט איך נור בעדארפט אייערע געקרוינטע געהירען בעהאנדלען פאר א שטיקעל צייט, וואלט איך אייך אויך באלד געקענט פערשפארען! איך בין וואהנזיניג, אבער ווי בין איך עס געווארען? דאס געהט אייך נישט אן. און דאס געהט קיינעם נישט אן! אבער וואלט איהר פילייכט נישט געוואלט רעדען פון עטוואס אנדערש? (ער נעמט דעם פאטאגראפי־אלבום פון טיש און עפענט איהם אויף). הער, יעזוס, איז דאס מיין קינד! מיינס! דאס קעגען מיר נישט וויסען. ווייסט איהר וואס מען וואלט בעדארפט טהון, אום דאס צו קענען וויסען? צוערשט זיך פערהייראטען און עררייכען א גרויסע שטעלונג אין געזעלשאפט; דאן זיך באלד ווידער שיידען און ווערען א געליעבטער און א געליעבטע; און דאן אדאפטירען דאס קינד; און דאן וועט מען וויינינגסטענס קעגען וויסען אז דאס קינד איז אן אדאפטירטעס. האב איך נישט רעכט? אבער וואס קען מיר דאס יעצט אלעס העלפען? וואס קען מיר דאס העלפען ווען איהר האט אוועקגערויבט פון מיר מיין אונשטערבליכקייט. וואס נוצט מיר יעצט די וויסענשאפט, די פילאזאפיע, ווען איך האב נישט פארוואס צו לעבען? וואס קען איך טהון מיט מיין לעבען, ווען איך האב קיין עהרע נישט? איך האב פערפלאנצט מיין רעכטען ארים, א האלב פון מיינע געהירען, א האלב פון מיין מארך צו אן אנדער שטאם. איך האב געגלויבט, אז זיי וועלען אויפוואקסען צוזאמען און וועלען זיך פערקניפען אין א מעהר פאלקאמענערען בוים; און דאן איז געקומען עמיצער מיט א מעסער און אונטערגעשניטען די אונטערשטע פלאנצונג, און אצינד בין איך נור א האלבער בוים, אבער דער אנדערער האלבער וואקסט ווייטער מיט מיין ארים און מיט מיינע האלבע געהירען, וועהרענד איך פערוועלק און שטארב, ווייל זיי זיינען

געוועז די בעסטע טהיילען וואס איך האב פון זיך ארויסגעגעבען. יעצט וויל איך שטארבען. טהוט מיט מיר וואס איהר ווילט, איך בין מעהר נישט איך. (ער זינקט ארונטער אויף א שטוהל נעבען דעם סאפע־טיש).

(דער דאקטאר טהוט א וואונק צום פאסטאר און זיי געהען ביידע אב אין נעבען־צימער לינקס; בערטהא קומט באלד נאך זיי אריין).

## זעקסטע סצענע.

דער ריטמייסטער; בערטהא.

ריטמייסטער (זיצט צוזאמען געפאלען נעבען סאפע־טיש; בערטהא געהט צו צו איהם).

בערטהא: דו ביזט קראנק, פאפא?

ריטמייסטער: (הויבט אויף פערדריסליך זיינע אויגען): איך?

בערטהא: ווייסט דו וואס דו האסט געטהון? ווייסט דו אז דו האסט געווארפען דעם לאמפ געגען דער מאמען?

ריטמייסטער: האב איך דאס?

בערטהא: יא, דו האסט דאס. דענק נור ווען זי וואלט געשעדיגט געווארען?

ריטמייסטער: וואס וואלט דאס אויסגעמאכט?

בערטהא: דו ביזט נישט מיין פאטער ווען דו קענסט רעדען אזוי!

ריטמייסטער (שטעהט אויף): וואס זאגסטו? בין איך נישט דיין פאטער? ווער האט דאס דיר געזאגט? און אויב אזוי, ווער איז דיין פאטער? ווער?!

בערטהא: יא, דו ווייניגסטענס נישט.

ריטמייסטער: אלץ נישט איך! ווער זשע דען? ווער? ווי עס ווייזט אויס האט מען דיך גוט אונטעררריכטעט. און איך האב דאס נאך בעדארפט צו דערלעבען, אז מיין אייגען קינד זאל מיר גלייך אין געזיכט אריין זאגען, אז איך בין נישט

איהר פּאָטער. אָבער, ווייסט דו דען נישט, אַז דאָס איז אַ שאַנ־דע פאר איהר, ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען?

בערטהאַ: דו זאָלסט גאָר קיין שלעכטס נישט רעדען וועגען דער מאַמען, דו הערסט!

ריטמייסטער: יאַ, איהר האָלט אַלע צוזאַמען געגען מיר, און אַזוי זענט איהר פון אימער צו געווען.

בערטהאַ: פּאַפּאַ!

ריטמייסטער: רעד נישט דאָס וואָרט מעהר!

בערטהאַ: פּאַפּאַ! פּאַפּאַ!

ריטמייסטער (ציהט זי צו צו זיך): בערטהאַ, טהייער געליעבטעס קינד, דו ביזט מיין קינד! יאַ, יאַ! עס קען אַנדערש נישט זיין. און אַזוי איז דאָס. און דאָס אַלעס איבעריגע איז נישט מעהר ווי קראַנקהאַפטע געדאַנקען געווען, וועלכע זיינען געקומען מיט'ן ווינד, ווי אַ פּעסט און פיבער. קוק מיך שטאַרק אָן, דאַמיט איך זאָל קענען מיין נשמה אין דיינע אויגען זעהן. — אָבער איך זעה אויך איהר נשמה דאָרט! דו האָסט צוויי נשמות; מיט איינע ליעבסט דו מיך און מיט דער אַנדערער האסט דו מיך. אָבער דו מוזט מיך נור ליעבען. דו זאָלסט נור איין נשמה האָבען, אַז נישט וועסטו קיין מאָל קיין פריעדען נישט האָבען און איך אויך נישט. דו זאָלסט נור איין געדאַנק האָבען און דער זאָל זיין דאָס קינד פון מיינע געדאַנקען. דו זאָלסט נור האָבען איין ווילען, וועלכער זאָל זיין ווי מיינער.

בערטהאַ: דאָס וויל איך נישט; איך וויל זיין איך אַליין.

ריטמייסטער: דאָס בעדאַרפסט דו נישט! דו זעהסט איך בין אַ קאַניבאַל, איך וועל דיך אויפפרעסען. דיין מו־טער האָט מיך געוואָלט אויפפרעסען, אָבער זי האָט דאָס נישט גע־קענט. איך בין ווי סאַטורן, וועלכער האָט אויפגעפרעסען זיינע אייגענע קינדער ווייל מען האָט איהם פּראָפעצייהעט, אַז נישט וועלען זיי איהם אויפפרעסען. פרעסען אָדער אויפגעפרעסען צו

ווערען? דאָס איז די פראַגע! ווען איך וועל דיך נישט פרעסען וועסט דו מיך אויפפרעסען. און דו האָסט מיר שוין געוויזען דיי־נע צייהנער! אָבער שרעק זיך נישט, מיין קינד, איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טהון. (ער געהט אין אונטערגרונד ווי זיינע וואפען הענגען און נעמט אַראָב אַ רעוואָלווער).

ב ע ר ט ה א (פערזוכט צו ענטלויפען): הילף! מאַמע! הילף! ער וויל מיך ערמאָרדען!

א מ ע (קומט אַריין): הערר אַדאָלף, וואָס איז דאָס?

ר י ט מ י י ס ט ע ר (אונטערזוכט דעם רעוואָלווער): האָסט דו די פּעטראָנען אַרויסגענומען?

א מ מ ע: יא, איך האָב זיי נאָר געלעגט אָן אַ זייט; זייט רוהיג, איך וועל זיי שוין באַלד וויעדער אויפזוכען. (זי נעמט דעם ריטמייסטער פאַר'ן האַנד און זעצט איהם אויף אַ שטוהל, אין דער רעכטער זייט פון טיש, אויף וועלכען ער זינקט פיבעריש אַרונטער; דאַן נעמט זי די צוואַנקס־יאקע און שטעלט זיך הינטער'ן שטוהל, אויף וועלכען ער זיצט. בערטהאַ גנב'עט זיך דערוויייל אַרויס דורך לינקס.)

א מ ע: הערר אדאָלף, געדענקט איהר ווען איהר זייט גע־ווען מיין געליעבטעם קינד, און איך פלעג אייך פיהרען לייגען שלאָפען און מיט אייך גאָט בעטען. און געדענקט איהר ווי איך פלעג אויפשטעהן אין מיטען דער נאַכט און אייך געבען א טרונק וואסער; געדענקט איהר, ווי איך פלעג אנצינדען א ליכט און אייך שיינע מעשה'לעך דערצעהלען. ווען איהר האָט נישט געקענט אנשלאפען ווערען דורך די בייזע חלומות, וואס עס האָט זיך אייך גע'חלום'ט. קענט איהר אייך דאס נאָך דערמאָהנען, הערר אדאָלף?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: רעדט ווייטער דערפון, מארגא־רעטהע, דאס בערוהיגט מיין קאָפּ, ווי זאנפט! רעדט מעהר דער־פון.

א מ ע: יא, אבער איהר מוזט אייך אויך צוהערען! גע־דענקט איהר, ווען איהר האָט אמאָל גענומען א גרויס מעסער און

איהר האָט געוואָלט דערמיט אויסשניצען קליינע שיפעלאַך, און ווי איך בין אריינגעקומען און האָב געמוזט דאס מעסער פון אייך אויסנארען, ווייל איהר האָט נישט געגלויבט, אז מען מיינט אייך צום גוטען — „גיב מיר די גיפטיגע שלאַנג", האָב איך געזאָגט, „אז נישט בייסט זי!" און איהר האָט דאַן דאָס מעסער אוועקגע־לייגט (נעמט דעם רעוואָלווער אַרויס פון זיין האַנד) און דאַן ווען איהר האָט אייך בעדארפט אָנטהון און איהר האָט נישט געוואָלט, האָב איך אייך בעדארפט איינריידען און זאָגען, אז איהר וועט באלד אָנטהון א גאָלדען רעקעל און געהן געקליידעט ווי א פּרינץ. און דאַן האָב איך גענומען דיין קליין מידערעל וואָס איז געמאַכט געווען פון גראבען געוואנד און האָב עס געהאַלטען פאר אייער ברוסט, און האָב געזאָגט „שטעק אריין דיינעביידע הענטלעך", און דאַן האָב איך געזאָגט „זייט נור עהן, שטיל, ווען איך קנע־פּעל עס די'ר צו אויפ'ן רוקען". (זי ציהט אויף איהם וועהרענד דער צייט די צוואַנגס־יאַקע.) און דאַן האָב איך געזאָגט „שטעה יעצט אויף און געה דורך ביז צו דער סאָפע, כדי איך זאָל קענען זעהן ווי עס ליגט". (זי פיהרט איהם צו צו דער סאפע). און דאַן האָב איך געזאָגט: „יעצט מוזט דו געהן און זיך לעגען שלאָפען".

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס האָסט דו געזאָגט איך זאָל געהן שלאָפען ווען איך בין אָנגעטהון? פערדאמטעס פרויענצי־מער! וואָס האָסטו מיט מיר געטהאָן? (ער פערזוכט זיך צו בעפ־רייען). אך, דו כיטרע גהינם'ישע פרוי! ווער האָט זיך גאָר גע־קענט דענקען אז דו בעזיצסט אַזוי פיעל פערשטאנד. (ער לעגט זיך אויף דער סאָפע.) געפאנגען, געבונדען, בעטראָגען, און קען נישט שטארבען.

א מ ע: . פערצייהעט מיר, הערר אדאָלף, זייט מיר מוחל, אָבער איך האָב אייך מעהר נישט געוואָלט ווי פערהיטען פון צו טויטען אייער קינד.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: פאר וואָס האָסטו מיך נישט געלאָזט

טויטען מיין אייגען קינד? דאָס לעבען איז דאָך נישט מעהר ווי א גיהנם און דער טויט — א הימעלרייך; און א קינד געהערט דאָך דעם הימעל.

. אמע: ווי ווייסט איהר וואָס עס קומט נאָכ׳ן טויט?

ריטמייסטער: דאס איז די איינציגע זאך וואָס מען ווייס, אָבער פון לעבען ווייס מען גאָרנישט! אָה, ווען מען זאָל נאָר קאָנען וויסען אַלעס פריהער.

אמע: הערר אדאָלף, בויגט איין אייער הארטעם הארץ און בעט גאָט פאר פערגעבונג. נאָך איז נישט צו שפּעט, ווייל עס איז אויך נישט צו שפּעט געווען פאר׳ן גנב אויף׳ן קרייץ, ווען אונזער ערלייזער האָט געזאָגט: „נאָך היינט וועסטו מיט מיר זיין אין גן־עדן!“

ריטמייסטער: קוואָקעסט דו שוין ווי פאר א טויטע אַלטע וואָראָנע?

אמע (נעמט ארויס איז געזאַנג־בוך פון קעשענע).

ריטמייסטער (רופט): נאָיד! וואו איז נאָיד?

נאָיד (קומט אריין).

ריטמייסטער: ווארף ארויס די פרוי! זי וויל מיך מאַכען פאר א געשטאָרבענעם מיט איהר געזאַנג־בוך. ווארף זי דורך דורכ׳ן פענסטער, אָדער דורכ׳ן קוימען, אָדער דורך וואַנען דו ווילסט, ארויס מיט איהר!

נאָיד (קוקט אויף דער אַממע): זאָל אייך גאָט בעשיצען, הערר ריטמייסטער. אָבער — איך קען דאָס נישט! ווען עס וואָלטען האָטש געווען זעקס יונגען, נאָר נישט קיין פרוי.

ריטמייסטער: ביזטו נישט שטאַרקער פון א פרוי־ענצימער, הא?

נאָיד: געוויס בין איך שטאַרקער, אָבער איהר זעהט, דאָס איז א גאַנץ אַנדער זאך וואָס מען קען אויף א פרוי קיין האנד נישט ארויפלעגען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר: וואָס איז דאָס פאַר אַן אַנדער זאַך? האָבען זיי דען נישט זייערע הענד אויף מיר אַרויפגעלעגט?

נ אָ י ד: יאַ, אָבער איך קען נישט, הערר ריטמייסטער, דאָס איז אַקוראַט ווי איהר וואָלט מיר געהייסען פּאַטשען דעם פּאַסטאָר. דאָס איז געגען די נאַטור, איך קען דאָס נישט.

ל א ו ר א (קומט פון לינקס. גיט אַ וואונק צו נאָיד'ען אַז ער זאָל געהן).

נ אָ י ד (געהט אָב דורך די מיטעל־טהיר).

## ז י ע ב ע ט ע ס צ ע נ ע.

(די פאָריגע און לאורא.)

ר י ט מ י י ס ט ע ר: אמפּאַלע! אמפּאַלע! דו שפּיעלסט זיך יעצט מיט דער דובינע, וועהרענד הערקולעס שפּינט דיין וואָל!

ל א ו ר א (טרעט צו צו דער סאָפע): אַדאָלף, קוק אויף מיר. דענקסטו איך בין דיין שונא?

ר י ט מ י י ס ט ע ר: יאַ, איך דענק אַזוי!... איך גלויב אַז איהר זיינט מיר אַלע שונאים! מיין מוטער, וועלכע האָט נישט געוואָלט אַז איך זאָל קומען אויף דער וועלט, ווייל איך בין געבוי־רען געוואָרען מיט שמערצען — איז געווען מיין שונא, ווייל זי האָט ביי מיר אוועקגערויבט מיין ערשטע לעבענס־פרייד: די נאַהרונג, און מיך דאַדורך געמאַכט פאַר אַ האַלבען קריפּעל! מיין שוועסטער איז געווען מיין שונא, ווייל זי האָט מיך געלערענט צו זיין אונטערטהעניג. די ערשטע פרוי וועלכע איך האָב אומאַרעמט איז געווען מיין שונא, ווייל זי האָט מיר געגעבען צעהן יאָהר קראַנקהייט אַלס בעלוינונג פאַר מיין ליעבע וועלכע איך האָב איהר געגעבען. מיין טאָכטער איז געוואָרען מיר אַ שונא, ווען זי האָט געדאַרפט קלייבען צווישען מיר און דיר. און דו, מיין פרוי, ביזט געווען מיין הויפּט־שונא, ווייל דו האָסט מיך נישט אָבגעלאָזט ביז איך ליעג שוין יעצט אַ טויטער אויפ'ן טויטען־בעט.

ל א ו ר א: איך ווייס נישט אויב איך האָב אַמאָל געדענקט אָדער פּרובירט, צו טהאָן דאָס וואָס דו מיינסט. עס קען זיין, אַז

עס האָט אין מיר געלעבט אַ טונקעלע נייגונג דיך צו בּעזייטיגען אַלס אַ הינדערנים, אַלס אַ שטערונג, אָבער קיינמאָל מעהר. און אויב דו זעהסט עטוואָס געפּלאַנטעס אין מיינע האַנדלונגען, דאַן האָט עס געמוזט אין מיר לעבען, אַליין נישט וויסענדיג דערפון. איך האָב קיינמאָל נישט איבערגעדענקט איבער מיינע האַנדלונגען, אָבער זיי זיינען אַרומגעפּאָהרען איבער די רעלסען, וועלכע דו אַליין האָסט געלעגט, און פאַר גאָט און אין מיין געוויסען האַלט איך זיך אונשולדיג, אפילו ווען איך בין עס נישט. מחמת דיין געגענוואַרט איז ווי אַ שווערער שטיין אויף מיין האַרצען געלעגען, וועלכער האָט אַזוי פיעל געדריקט און געדריקט, ביז דאָס האַרץ האָט אָנגעפאַנגען צו וועלען פון זיך אַרונטערוואַרפען די שווערע לאַסט. דאָס איז דער אמת דערפון. און אויב איך האָב דיר עטוואָס אונבעוואוסט שלעכטעס געטהאָן, דאַן בעט איך דיך, דו זאָלסט מיר פערגעבען.

ר י ט מ י י ס ט ע ר : דאָס קען זיך זיין אמת, אָבער וואָס קען עס מיר העלפען? אַמאָל האָט מען חתונה געהאָט מיט אַ פרוי, היינט טרעט מען אריין ווי שותפים אין אַ געשעפט, אָבער מען געהט לעבען ווי מיט אַ פריינד — און דאַן בעטריגט מען דעם שותף און מען בעליידיגט דעם פריינד!.... וואָס ווערט פון דער ליעבע? די געזונדע,זינליכע ליעבע? זי שטאַרבט דערביי אָב. און מיט וואָס ענדיגט זיך אַזאַ ליעבע אויף אַקציען, וועלכע האָט נישט קיין טרעגער פון סאָלידאַרישער פעראַנטוואָרטליכקייט? ווער איז דער וואָס ליידט ווען אַן אונגליק קומט? ווער איז דער קערפּערליכער פאָטער פונ'ם גייסטיגען קינד?

ל א ו ר א : און וואָס אַנבעטרעפט דיינע צווייפלען איבער'ן קינד, זיינען זיי אויך אונבעגרינדעט.

ר י ט מ י י ס ט ע ר : דאָס איז גראַד דאָס שרעקליכסטע. וואָלטען זיי וועניגסטענס געווען בעגרינדעט, וואָלט מען דאָך כאָטש געקענט עטוואָס אָננעהמען. ס'איז אָבער דאָ נור שאָטענס וועלכע בעהאַלטען זיך אין די קוסטען און שטעקען אַרויס די קעפּ

נישט מעהר ווי צום לאכען; ס'איז פונקט ווי מען וואָלט זיך גענאַנ־גענלט מיט לופט, אָדער געמאַכט אַ פּוסטען ליאַרם ווען אַ בלאַנקע קויל שיסט אויס. אַ בעשטימטע ווירקליכקייט וואָלט בעדאַרפט אַרויסרופען אַ ווידערשטאַנד, נערוועז און זעעלע צו טהאַט. אָבער יעצט — די געדאַנקען צושמעלצען זיך אין אַ דינער לופט, און די געהירען עגבויערען, ביז פייער געהט. לעג אונטער אַ קישען אונטער מיין קאָפּ! און וואַרף עפּעס אַריבער איבער מיר! מיר איז קאַלט!
(לאורא נעהמט איהר שאַל און שפּריים זי אַריבער אויף איהם.)

אַ מ מ ע (געהט פאַר אַ קישען).

ל א ו ר א: גיב מיר דיין האַנד, פריינד!

ר י ט מ י י ס ט ע ר: מיין האַנד, וועלכע דו האָסט געבונ־דען אויפ'ן רוקען! — אמפּאַלע! אַמפּאַלע! — איך פיהל דיין ווייכע שאַל אויף מיין מויל; זי איז אַזוי וואַרעם און אַזוי צאַרט ווי דיין אָרים. עס שמעקט מיט וואַנילאַ, ווי דיינע האָר, ווען דו ביזט יונג געוועזן. לאורא, ווען דו ביזט געוועזן יונג און מיר זיינען געגאַנ־גען שפּאַציערען אין וואַלד, צווישען בלומען און פויגעל — אַך, ווי הערליך! ווי הערליך! דערמאָן זיך ווי שעהן דאָס לעבען איז דאַ־מאָלסט געוועזן, און דענק ווי עס איז איצט. דו האָסט נישט גע־וואָלט עס זאָל אַזוי זיין, און איך אויך נישט, און דאָך איז עס גע־וואָרען. ווער רעגירט אַלזאָ איבער'ן לעבען?

ל א ו ר א: גאָט אַליין רעגירט —

ר י ט מ י י ס ט ע ר: דאַן מוז דאָס זיין דער גאָט פון שטרייט! אָדער פיעל מעהר — די געטין! נעהם אַרונטער די שוואַרצע קאַץ וואָס ליעגט אויף מיר! נעהם איהר אַרונטער!

אַ מ מ ע (קומט אַריין מיט אַ קישען און נעמט אַרונטער די שאַל).

ר י ט מ י י ס ט ע ר: גיב מיר מיין אוניפאָרם ראָק! דעק מיך מיט איהם צו. (די אַממע נעהמט זיין אוניפאָרם ראָק און דעקט איהם צו.) אַה, מיין האַרטע לייבען־הויט וועלכע דו האָסט געוואָלט פון מיר אַוועקנעהמען! אַמפּאַלע! אַמפּאַלע! דו כיטרע פרוי, וואָס ביזט געוועזן דער פריינד פון פריעדען און די ראַטהגעבערין אַגיעדערצוּ־

לעגען דאָס געוועהר. ערוואַך, הערקולעס, איידער זיי נעהמען צו דיין דובינע פון דיר! דו האָסט איך געוואָלט דאָס געוועהר פון אונז אַוועקנעהמען און אונז מאַכען גלויבען, אַ זעס איז אַ פוסטער פּוץ. ניין, דו הערסט, עס איז געווען אייזען איידער עס איז געוואָרען אַ פּוץ. אין די פריהעריגע צייטען פלעגט דער שמיד מאַכען דעם וואַפען־ראָק, היינט מאַכט איהם די פרוי־שניידערין. אַמפּאַלע! אַמפּאַלע! די רויהע שטאַרקייט איז געפאַלען אונטער די בעטרי־גערישע שוואַכקייט — פוי אויף דיר, גיהנם'שע פרוי, און אַ פלוך איבער דיין געשלעכט! (ער הויבט זיך אויף, וועלענדיג אויף איהר אַ שפּיי טהאָן, פאַלט אָבער צוריק.) וואָס פאַר אַ קישען האָסטו מיר געגע־בען, מאַרגאַרעטאַ? ס'איז אַזוי האַרט, אַזוי קאַלט! קום אהער, זעץ דיך לעבען מיר אויפ'ן שטוהל, אַזוי, דאָ! — דאָס איז אַזוי וואַרעם. בויג זיך אַריבער צו מיר, אַזוי אַז איך זאָל קענען דיין ברוסט פיהלען! — אָה, ווי זיס עס איז צו רוהען אויף אַ פרוי'ס ברוסט, אויף אַ מוטער'ס אָדער אויף אַ געליעבטער'ס, אַמבעסטענס איז אויף אַמוטער'ס.

לאַוראַ: אַדאָלף, זאָג, וועלסטו זעהן דיין קינד?

ריטמייסטער: מיין קינד? אַ מאַן האָט קיין קינדער נישט, נור די פרויען האָבען קינדער, און די צוקונפט געהערט דאַרום צו זיי, ווייל מיר שטאַרבען קינדערלאָז. אָה, גאָט! וועלכער ליעבסט קינדער!

אַממע: הערט! ער בעט צו גאָט!

ריטמייסטער: ניין, צו דיר, דו זאָלסט מיר לעגען שלאָפען, ווייל איך בין אַזוי מיעד, אַזוי מיעד. אַ גוטע נאַכט, מאַרגאַרעטאַ, און זיי דו געבענשט צווישען פרויען. (ער וויל זיך אויפהויבען, פאַלט אָבער צוריק אויף דער אַממע'ס שויס.)

## אַכטע סצענע.

(די אַממע. לאַורא געהט צו צו דער זייטען־טהיר לינקס און רופט אַריין דעם דאָקטאָר, וועלכער קומט צוזאַמען מיט'ן פאַסטאָר.)

לאורא: העלפט אונז, הערר דאָקטאָר, אויב עס איז נישט צו שפּעט! איהר זעהט, ער אָטהעמט שוין נישט מעהר!

דר. אָסטערמארק (אונטערזוכט דעם ריטמייסטער'ס פּולס): דאָס איז א הארץ־שלאָג.

פּאַסטאָר: איז ער טויט?

דר. אָסטערמארק: ניין, ער קען נאָך ערוואַכען צום לעבען. אָבער ווי אזוי ער וועט ערוואַכען, ווייסען מיר נישט.

פּאַסטאָר: „צוערשט דער טויט און דאַן דאָס גריכט" —

דר. אסטערמארק: קיין געריכט און קיינע אנקלאַגען! איהר, וועלכע גלויבט, אז א בארמהערציגער גאָט רעגיערט איבער דעם שיקזאל פון דעם מענשען, דאַרפט פאר איהם דאָס וואָרט נעהמען.

אממע: הערר פּאַסטאָר, ער האָט אין זיין לעצטען אויגענבליק גאָט געבעטען.

פּאַסטאָר (צו לאורא): איז דאָס אמת?

לאורא: יא, ס'איז אמת.

דר. אָסטערמארק: ווען דאָס איז אזוי, איבער וואָס איך קען אזוי ווייניג אורטהיילען, ווי די אורזאַכען פון זיין קראַנקהייט, דאַן איז מיין קונסט צו ענדע. פּערזוכט איהר יעצט, הערר פּאַסטאָר.

לאורא: איז דאָס אלעס, וואָס איהר האָט צו זאָגען נעבען זיין טויטען־בעט, הערר דאָקטאָר?

דר. אָסטערמארק: דאָס איז אלעס! מעהר ווייס איך נישט. זאָלען זאָגען די וואָס ווייסען מעהר!

בערטהא (קומט פון לינקס און שפּרינגט די מוטער אין די אָרימס): מאמא! מאמא!

לאורא: מיין קינד! מיין אייגען קינד!

פּאַסטאָר: אמן!

(ענדע.)

# סאַמום*)

פּ ע ר ז א נ ע ן:

ב י ס ק ר א, אַן אַראַבישע מיידעל.
י ו ס ף, איהר געליעבטער.
ג י מ א ר ד, אַ ליטענאַנט פון זואַווען.

די האַנדלונג קומט פאָר אין אַלזשיער.

ס צ ע נ ע: דער אינעווענינ פון אַ שטיבעל, אַ שטיינערנע טרונע אין מיטען אויפ'ן באָדען. דאס איז דער קבר פון אַ מאַחמע־דאַנישען פריעסט. אויפ'ן באָדען זענען צואוואָרפען געבעט־טעפּי־כער. אין הינטערגרונד אַ טיר מיט פאָרהאַנגען. אויףביידע זייטען פון טיר פענסטער־לעכער. דאָ און דאָרט אויפ'ן באָדען קליינע הויפענס זאַמד: אַן אויסגעריסענע אַלאָי־פּלאַנצע, פּאַלמען־בלע־טער און אַלפאַ־גראַז ליגען אַנגעוואָרפען אין איין הויפען.)

(ביסקרא קומט אריין, די קאַפּוזע פון איהר בורנעס איז ארי־בערגעצויגען איבער איהר געזיכט אזוי, אז מען זעהט כמעט איהר געזיכט גארניט ארויס. זי טראָגט אַ גיטאַרע אויפ'ן רוקען: זי וואַרפט זיך אנידער אויף אַ טעפּיך און פאַנגט אַן זאָגען אַ געבעט מיט איהרע הענד איבערגעקרייצט אויפ'ן האַרץ. דרויסען וועהט אַ שטאַרקער ווינט.)

---

*) סאַמום, אַ מין ברענענדער און שטיקענדער ווינט.

ב י ס ק ר א : לא אילאה איל אלאה!

י ו ס ף (קומט אריין) דער סאמום קומט! וואו איז דער פראנק?

ב י ס ק ר א : ער וועט דא זיין אין אן אויגענבליק.

י ו ס ף : ווארום האסטו איהם באלד ניט געשטאכען ווען דו האסט געהאט די געלעגענהייט?

ב י ס ק ר א : ווייל ער וועט עס אליין טהון. ווען איך וואלט עס געטהון וואלטען די ווייסע אונזער גאנצען שטאם אויסגע־הרג'עט. די פראנקען קענען דאך מיך אלס די פיהרעריו.

י ו ס ף : ער וועט עס אליין טהון, זאגסטו? אבער ווי אזוי?

ב י ס ק ר א : ווייסטו דען ניט, אז דער סאמום טרוקענט די געהירען? פון די ווייסע מענשען ווי טייטלען, אזוי אז זיי זעהן פאר זיך שרעקליכע געזיכטער, און די דאזיגע געזיכטער טרייבען זיי צו זעלבסטמארד?

י ו ס ף : איך האב עטוואס אזעלכעס געהערט, און איז דער לעצטער שלאכט האבען זיך זעקס פראנקען דאס לעבען גענומען נאך איידער די שלאכט האט זיך אנגעפאנגען. אבער דאך פערלאז זיך היינט ניט אויפ'ן סאמום, ווייל אויף די בערג איז א שנעע אויס־געפאלען און דער שטורם קען זיין פאראיבער אין א האלבער שטונ־דע. — ביסקרא, קענסטו האסען?

ב י ס ק ר א : אויב איך קען האסען? — מיין האס איז גרענעצלאז ווי די מדבר, ברענענד ווי די זון און שטארקער ווי מיין ליעבע! יעדע גענום־שטונדע וואס זיי האבען פון מיר געראובט זייט זיי האבען ערמארדעט אלי, האט אין מיר גיפט געזאמעלט און מיך ווי א שלאנג גיפטיג געמאכט; און וואס דער סאמום וועט ניט קע־נען טהון, וועל איך טהון.

י ו ס ף : דאס איז גוט גערעדט, ביסקרא, און דו וועסט עס זיכער דורכפיהרען. זינט מיינע אויגען האבען דיך דערזעהן איז מיין האס פערוועלקט געווארען ווי אלפא־גראז אין הערבסט. נעם פון מיר קראפט און ווער די פייל פון מיין בויגען.

ב י ס ק ר א : אומארים מיד, יוסף, אומארים מיד!

י ו ס ף : ניט דא איז דער געגענוואַרט פון הייליגען — ניט יעצט — שפּעטער, נאכהער ווען דו וועסט עס האבען פערדינט.

ב י ס ק ר א : דו שטאלצער שאַך! דו שטאלצער מאַן!

י ו ס ף : יא, די מיידעל וועלכע וועט טראגען מיין קינד אונטער איהר הארצען, וועט מוזען צייגען, אז זי איז ווערט די עהרע.

ב י ס ק ר א : איך — און קיין אנדערע — וועט טראַגען יוסף'ס קינד אונטער איהר הארצען! איך ביסקרא — די פּראַכטעטע, די העסליכע, אבער די שטארקע!

י ו ס ף : גוט! יעצט געה איך ארונטער זיך לייגען שלאַפען לעבען א קוואל. — דארף איך דיך לערנען מעהר פון די געהיימע קונסטען וועלכע דו האסט געלערענט פון דעם גרויסען הייליגען סידדי — שאך, און וועלכע דו האסט פּראקטיצירט אויף ירידים נאך זייט דו ביזט א קינד געווען?

ב י ס ק ר א : דאס דארפסטו ניט. איך קען די אלע געהיימניסע מיט וועלכע מען קען ארויסיאגען דאס לעבען פון א פייגלינג א פראנק! איך קען זיי אלע: זאגאר די קונסט צו רעדען דורכ'ן בויך. און וואס עס איז איבער מיין קונסט דאס וועט שוין די זון אויפטהון. דען די זון איז מיט יוסף און מיט ביסקרא'ן.

י ו ס ף : די זון איז טאקע דער פריינד פון די מוסולמאַנער, אבער פערלאזען זיך אויף איהר קען מען ניט. דו קענסט זיך פערברענען, מיידעל! — נעם צוערשט א טרונק וואסער, ווייל איך זעה, אז דיינע הענד שרומפּען איין און — (ער הויבט אויף א טעפּיך און לאזט זיך ארונטער אין א מין קעלער פון וועלכען ער ברענגט ארויף א שאל וואסער און גיט עס ביסקרא'ן).

ב י ס ק ר א (נעמט עס צו איהר מויל): און מיינע אויגען פאנגען שוין אן צו זעהן אלעס אין א רויטען ליכט, מיינע לונגען פאנגען שוין אן איינצודארען — איך הער — איך הער — זעהסטו ווי דער זאמד שיט זיך שוין דורך דורכ'ן דאך — און די סטרונעס

פון מיין גיטארע זינגען — דער סאַמום איז דאָ! — אָבער דער פראַנק ניט!

יוסף: קום דאָ ארונטער, ביסקרא, און לאָז דעם פראַנק פון זיך זעלבסט שטאַרבען.

ביסקרא: צוערשט דער גיהנם און דאַן דער טויט! גלויבסטו, איך וועל שוואַכער? (זי גיסט דאַס וואַסער אויף א הויפען זאַמד) איך וועל דאַס זאַמד בעגיסען אז ס'זאָל פון דעם ראַכע וואַקסען! וואַקס, האַס! ברען, זון! שטיק, ווינט!

יוסף: זיי געבענשט בן־יוסף'ס מוטער, וואָרים דו וועסט יוסף'ס זוהן געבוירען, דעם בעל־נקמה — דו! (דער ווינט ווערט אַלץ שטאַרקער, דער פאַרהאַנג פאַר'ן טיר פלאַטערט: א רויטער שיין בעלייכט דאַס צימער, געהט אָבער איבער באַלד אין א געלען שיין.)

ביסקרא: דער פראַנק קומט, און — דער סאַמום איז דאָ! — געה!

יוסף: אין א האַלבע שטונדע וועסטו מיך ווידער זעהן. (צייגט אויף א הויפען זאַמד) דאָ איז דיין זאַמד־זייגער... דער הימעל זעלבסט צייגט די צייט ווען דער גיהנם דאַרף צונעהמען די אונגלויביגע. (געהט ארונטער אין קעלער).

(גימאַרד קומט אריין, זעהט אוים זעהר בלאַס, קען זיך ניט האַלטען אויף די פיס, פערווירט, און רעדט מיט א שטילער ציטערענדער שטימע).

גימאַרד: דער סאַמום איז דאָ! — וואו זענען מיינע מענער אוועק?

ביסקרא: איך האָב זיי אוועקגעפיהרט מיט'ן מערב וועג צום מזרח.

גימאַרד: מערב צו מזרח! — לאָמיר זעהן! — יאָ, ריכטיג מזרח און מערב! — אַה, זעץ מיך אויף א שטוהל און גיב מיר וואַסער.

ביסקרא (פיהרט איהם צו צו א הויפען זאַמד, לעגט

איהם אוועק אויפ'ן באדען און מיט די פיס אויף'ן זאמד): זיצטו גוט אזוי?

ג י מ א ר ד (קוקט זיך ארום): איך זיץ אביסעל קרום, לעג מיר עטוואס אונטער דעם קאפ.

ב י ס ק ר א, שארט איהם צוזאמען אביסעל מעהר זאמד אונטער די פיס): דא האסטו א קישען אונטער דיין קאפ.

ג י מ א ר ד: דעם קאפ? דאס זענען דאך די פיס — איז דאס ניט די פיס?

ב י ס ק ר א: געווים.

ג י מ א ר ד: איך האב עס אבער געפיהלט. — יעצט גיב מיר א ביינקעלע אונטער'ן קאפ.

ב י ס ק ר א (שלעפט ארוים די אלאי־פלאנצע און שטופט אונטער זיינע קניע): דאס איז א ביינקעלע פאר דיר!

ג י מ א ר ד: און יעצט וואסער! — וואסער!

ב י ס ק ר א (פיהלט אן די לעדיגע שאל מיט זאמד און גיט זי איהם): טרינק אזוי לאנג ווי עס איז קאלט.

ג י מ א ר ד (טראגט צו די שאל צו די ליפען): עס איז קאלט, אבער עס לעשט דאך ניט דעם דורשט! — איך קען נישט טרינקען! איך שרעק זיך פאר וואסער! נעם עס אוועק!

ב י ס ק ר א: דאס איז דער הונד וועלכער האט דיך געביסען!

ג י מ א ר ד: וועלכער הונד? איך בין קיינמאל געביסען גע־ווארען פון א הונד.

ב י ס ק ר א: דער סאמום האט איינגעשרומפען דיין זכרון — היט זיך פאר די פערבלענדעניש פון דעם סאמום! גע־דענקסטו ניט דעם משוגענעם יאגד־הונד וועלכער האט דיר א ביס געטהון אויף דיין לעצטער יאגד?

ג י מ א ר ד: אויף מיין לעצטער יאגד? יא, ריכטיג! — איז דאס ניט א ביבער־קאלירענדער?

ב י ס ק ר א: א חארט! יא! — זעחסטו, און ער האט

דיר א בים געטהון אין פוס. פיהלסטו דען ניט ווי דו וואונד שטעכט?

ג י מ א ר ד (וויל זיך אנכאפען אין פוס און צושטעכט זיך אין דער אלאי־פלאנצע): יע, איך פיהל עס! וואסער! וואסער!

ב י ס ק ר א דערלאנגט איהם די שאל אנגעשטאפט מיט זאמד): טרינק, טרינק!

ג י מ א ר ד: ניין, איך קען נישט! הייליגע מאריע! איך האב די וואסער־פורכט!

ב י ס ק ר א: שרעק זיך נישט! איך וועל דיך היילינען, און ארויסטרייבען דעם דעמאן מיט דער הילף פון מוזיק. הער!

ג י מ א ר ד (שרייט): אלי! אלי! קיין מוזיק! איך קען זי ניט ליידען! און ווי קען עס מיר העלפען?

ב י ס ק ר א: אויב די מוזיק קען צאמען דעם פעררעטהערי־שען גייסט פון דער שלאנג, דענקסטו ניט, אז זי קען אויך בעהער־שען דעם גייסט פון א משוגע'נעם הונד? הער! (זי זינגט און אקאמפאנירט זיך אויף דער גיטארע) ביסקרא — ביסקרא סאמום! ביסקרא — ביסקרא סאמום! סאמום!

י ו ס ף (אפענטפערענדיג פון אונטען): סאמום! סא־מום!

ג י מ א ר ד: וואס זינגסטו?

ב י ס ק ר א: האב איך געזונגען? זעה, יעצט וועל איך אריינגעהמען אין מיין מויל א פאלמען־בלאט! (זי נעמט צווישען די צייהנער א פאלמען־בלאט און דאס זינגען שיינט צו קומען פון אויווען) ביסקרא — ביסקרא, סאמום! סאמום!

י ו ס ף (פון אונטען): סאמום! סאמום!

ג י מ א ר ד: וואס פאר א גיהנם'שעם זינגען!

ב י ס ק ר א: יעצט זינג איך!

ב י ס ק ר א און י ו ס ף (צוזאמען): ביסקרא — ביסקרא סאמום! ביסקרא — ביסקרא — סאמום — סאמום!

ג י מ א ר ד (הויבט זיך אויף): ווער ביסטו, טייפעל, וואס

דו זינגסט מיט צוויי שטימען? ביזטו א מאן אדער א פרוי? אדער ביידע?

ב י ס ק ר א: איך בין אלי דער וועג ווייזער! דו דער־קענסט מיך ניט, ווייל דו ביזט פערווירט. — נור אויב דו ווילסט זיך רעטען פון די שפיצלעך וואס עס שפילען מיט דיר דיינע געדאנ־קען, מוזטו איך מיר גלויבען. גלויב מיר וואס איך זאג, און טהו ווי איך בעפעהל דיר!

ג י מ א ר ד: דו דארפסט עס מיך ניט בעטען, ווייל איך פיהל, אז אלעס איז אזוי ווי דו זאגסט.

ב י ס ק ר א: זעהסטו די געצענדינער?

ג י מ א ר ד: געצענדינער?

ב י ס ק ר א: יא, נעם ארוים די גאנצע וואס דו טראגסט אויף דיין ברוסט! (גימארד נעמט ארוים א מעדאליאן).

ב י ס ק ר א: טרעט דערויף מיט דיינע פיס און רוף צו דעם איינציגען בארימהערציגען גאט!

ג י מ א ר ד (קווענקלענדיג): צום הייליגען עדוארד? צו מיין הייליגען בעשציער?

ב י ס ק ר א: קען ער דיך בעשיצען?

ג י מ א ר ד: ניין, דאס קען ער ניט. (ערוואכט) אבער יא, ער קען!

ב י ס ק ר א: מיר וועלען זעהן! (זי עפענט די טיר, דער פארהאנג פלאטערט און דאס גראז בעוועגט זיך.)

ג י מ א ר ד (האלט זיך צו דאס מויל): פערמאך די טיר.

ב י ס ק ר א: ווארף אוועק דעם אבגאט!

ג י מ א ר ד: ניין... איך קען ניט!

ב י ס ק ר א: דו זעהסט, דער סאמום בעריהרט אפילו ניט א האר מיינע, אבער דיך, אונגלויביגער, טויטעט ער! ווארף פיז זיך ארונטער דעם אבגאט!

ג י מ א ר ד (ווארפט ארונטער דעם מעדאליאן אויפ'ן באַ־דען): וואסער! איך שטארב!

ב י ס ק ר א : בעט צו דעם איינציגען, צו דעם בארעמהער־ציגען!

ג י מ א ר ד : וואס זאל איך בעטען?

ב י ס ק ר א : זאג מיר נאך.

ג י מ א ר ד : רעד!

ג י מ א ר ד : רעד!

ב י ס ק ר א : גאט איז איין איינציגער, עס איז ניטא קיין אנדערער ווי ער, דער בארעמהערציגער גאט!

ג י מ א ר ד : גאט איז איין איינציגער, עס איז ניטא קיין אנדערער ווי דער בארעמהערציגער גאט!

ב י ס ק ר א : לעג זיך אוועק אויפ'ן בארען. (גימארד לעגט זיך ניט ווילענדיג אנידער).

ב י ס ק ר א : וואס הערסטו?

ג י מ א ר ד : איך הער דאס מורמלען פון א קוואל.

ב י ס ק ר א : דו זעהסט! — גאט איז איינער, און עס איז ניטא קיין אנדערער, ווי ער, דער בארעמהערציגער! — וואס זעהסטו?

ג י מ א ר ד : איך הער א קוואל מורמלען, איך זעה לייכטען א לאמפ אין א פענסטער מיט גרינע לאדענס... אויף א ווייסער גאס...

ב י ס ק ר א : ווער זיצט ביים פענסטער?

ג י מ א ר ד : מיין פרוי, עליסע!

ב י ס ק ר א : ווער שטעהט אונטער'ן פארהאנג מיט'ן ארעם ארום איהר האלז?

ג י מ א ר ד : דאס איז מיין זוהן געארג.

ב י ס ק ר א : ווי אלט איז דיין זוהן?

ג י מ א ר ד : פיער יאהר.

ב י ס ק ר א : און ער קען שוין שטעהן אונטער דעם פאר־האנג מיט זיין ארעם ארום אז אנדערענס פרוי?

ג י מ א ר ד : ניין, ער קען נישט... אבער איז עס!

ב י ס ק ר א : פיער יאָהר אלט און מיט בלאָנדע וואָנ־
ציעס ?

ג י מ אָ ר ד : בלאָנדע וואָנציעס זאָגסטו ? — אַה, דאָס איז
מיין פריינד יוליוס !...

ב י ס ק ר א : ער שטעהט אונטער'ן פאָרהאַנג מיט זיין
אָרים ארום דיין פרוי'ס האלז ?

ג י מ אָ ר ד : אַך, דו טייפעל !

ב י ס ק ר א : זעהסטו דיין זוהן ?

ג י מ א ר ד : ניין, יעצט ניט מעהר !

ב י ס ק ר א (מאכט נאָך דאָס קלינגען פון גלעקער אויף
דער גיטאַרע) וואָס זעהסטו, יעצט ?

ג י מ אָ ר ד : איך זעה גלעקער קלינגען.. און איך פיהל דעם
גערוך פון טויטע קערפערס... עס פיהלט זיך אין מויל ווי טוכלע
פוטער — פוי !...

ב י ס ק ר א : הערסט ניט ווי דער גלח זינגט ביי דער לויה
פון אַ טויט קינד ?

ג י מ אָ ר ד : ווארט... איך קען עס ניט הערען... (שוועָר
מוטהיג) אָבער ווינשטו עס ?... יעצט הער איך עס...

ב י ס ק ר א : זעהסטו דעם קראַנץ אויפ'ן קאסטען וועלכען
מען טראָגט ?

ג י מ אָ ר ד : יאָ —

ב י ס ק ר א : עס ליגען אויף איהם ווייאָלעטען סטענגעס
און מיט זילבערנע בוכשטאָבען אויסגעדרוקט — „זיי געזונד, מיין
טהייערער געאָרג ! — דיין פאָטער".

ג י מ אָ ר ד : יאָ, אַזוי שטעהט דאָרט ! (ער פאנגט אָן
וויינען) מיין געאָרג ! געאָרג ! מיין טהייער קינד ! עליסע, מיין
פרוי, טרייסט מיך ! — העלף מיר ! (טאָפּט ארום זיך) וואו
ביזטו, עליסע ? האָסטו מיך פערלאָזען ? ענטפער ! רוף אויס דעם
נאָמען פון דיין געליעבטען !

(אַ שטימע פון דאָך) יוליוס ! יוליוס !

ג י מ א ר ד: יוליוס! — איך הייס אבער — ווי הייס איך?... קארל הייס איך!... און זי רופט יוליוס!... עליסע!... מיין טהייערע פרוי... ענטפער מיר... ווארים דיין גייסט איז דא... איך פיהל עס.. .און דו האסט מיר פערשפראכען קיין אנדערען צו לע־בען...

(א שטימע לאכט)

ג י מ א ר ד: ווער לאכט?

ב י ס ק ר א: עליסע, דיין פרוי..

ג י מ א ר ד: אה, טויטע מיך! איך וויל מעהר ניט לעבען! אך, איך ווער פערברענט! וואסער! — וואסער! וועז ניט, ביים איך דיך!...

(דער ווינט אין דרויסען האט זיך פערגרעסערט ביז א שטורם)

ב י ס ק ר א (לעגט איהר האנד אויפ'ן מויל און הוסט): יעצט שטארבסטו, פראנק! שרייב אויך דיין לעצטען וואונש ווי לאנג עס איז נאך צייט! — וואו איז דיין נאטיץ־בוך?

ג י מ א ר ד (נעמט ארויס א נאטיץ־בוך און א בליישטיפט): וואס זאל איך שרייבען?

ב י ס ק ר א: ווען א מאן האלט ביים שטארבען דענקט ער פון זיין פרוי און קינד.

ג י מ א ר ד: עליסע — איך פערשעלט דיך! סאמום — איך שטארב.

ב י ס ק ר א: און יעצט שרייב אונטער, ווען ניט, קען עס ניט גילטען אלס א צוואה.

ג י מ א ר ד: וואס זאל איך אונטערשרייבען?

ב י ס ק ר א: שרייב „לא אילא איל אלאה“.

ג י מ א ר ד (שרייבט): עס איז געשריבען — קען איך יעצט שטארבען?

ב י ס ק ר א: יעצט קענסט שטארבען ווי א פיינער סאל־דאט, וועלכער איז אנטלאפען פון שלאכטפעלד! און די סאקאלען וועלען דיר זיכער מאכען א שעהנע לויה מיט מוזיק. (זי פויקט אויס

דעם סיגנאל פאר אן אנגריעף אויף דער גיטארע) דו הערסט דעם פויקען־רוף? — דער אנגריעף האט זיך אנגעפאנגען אויף די גלויביגע, וועלכע האבען די זון און דעם סאמום אויף זייער זייט. זיי רוקען זיך ארוים פון זייערע בעהאלטענע פלעצער — (טהוט א שטארקען צימבעל אויף דער גיטארע) די פראנקען שיסען אויף דער גאנעצר ליניע, די אראבער שיסען צוריק: די פראנקען קענען ניט ווידערשטעהן און זיי לופיען געיאגט פון דעם אראבער'ס קוילען.

גימארד (הויבט זיך אויף): די פראנקען לויפען ניט!

ביסקרא (בלאזט אויף א פלייט, וועלכען זי האט ארויס־גענומען פון איהר בוזעם דעם צייכען פון „צוריקציהען").

גימארד: זיי לויפען צוריק... דאס איז דער סיגנאל... און איך בין דא... (רייסט פון זיך ארונטער די עפאלעטען) איך בין טויט! (פאלט צום באדען).

ביסקרא: יא, דו ביזט טויט! — און, דו ווייסט נישט אז דו ביזט שוין לאנג טויט. (זי נעמט אין האנד א טויטען קאפ וואס געפינט זיך דארט).

גימארד: בין איך שוין לאנג טויט? (טאפט זיין גע־זיכט).

ביסקרא: שוין לאנג! שוין לאנג! קוק אין דיעזען שפיגעל! (צייגט איהם דעם טויטען קאפ).

גימארד: אך! דאס בין איך!...

ביסקרא: זעהסטו ניט דיינע אויסגעטאטשעטע באַ־קען־ביינער? — זעהסטו ניט ווי די ווערים האבען דיינע אויגען אויסגעפרעסען?... זעהסטו דען ניט דעם לאך פון וואנען דו האסט ארויסגעצויגען דיין רעכטען באק־צאהן? — זעהסטו ניט דאס גריי־בעלע אויף דער מארדע וואו דיין בערדיל איז געוואקסען, און וועלכעס דיין עליסע פלעגט ליעבען צו גלעטען?... זעהסטו דען ניט דעם פלאץ וואו דיין אויער פלעג זיין וועלכעס דיין נעארג פלעגט קושען ביי יעדען פריהשטיק?... (גימארד, וועלכער האט זיך מיט

שרעק צוגעהערט צו איהר, און בעאבאכטעט איהרע בעוועגונגען פאלט אנידער טויט).

ב י ס ק ר א (פאלט אויף איהרע קניע, אונטערזוכט זיין פולס, דאן הויבט זי זיך אויף און זינגט): סאמום! סאמום! (זי עפענטביידע טירען: די פארהאנגען פלאטערען פון ווינד ווי די פאהנען. זי לייגט צו איהר האנד צום מויל און פאלט הינטערוויי־ליכם צוריק. זי רופט) יוסף! (יוסף קומט ארויף פון קעלער).

י ו ס ף (אונטערזוכט גימארד, זוכט ביסקרא'ן) ביסקרא! (דערזעהט זי, הויבט זי אויף אין זיינע ארעמס) לעבסטו?

ב י ס ק ר א : איז דער פראנק טויט?

י ו ס ף : אויב ער איז עס ניט, וועט ער עס באלד זיין!... סאמום!... סאמום!...

ב י ס ק ר א : דאן לעב איך! אבער גיב מיר וואסער!...

י ו ס ף (פיהרענדיג איהר אין קעלער): דא געפינט זיך וואסער!.. .און יעצט איז יוסף דיינער!...

ב י ס ק ר א : און ביסקרא וועט זיין די מוטער פון דיין זוהן!... אה, יוסף!... גרויסער יוסף!...

י ו ס ף : מיין שטארקע ביסקרא!.. שטארקער, ווי דער סאמום!...

**(ענדע)**

# קאמעראדען

## אַ דראמאַ אין פיער אקטען

פון

**אויגוסט סטרינדבערג**

איבערזעצט פון

ל. באללייזען


ארויסגעגעבען פון

מ. יאנקאוויטץ און זשוקאווסקי

141 דיוויזשיאן סטריט, ניו־יאָרק

---

PUBLISHED BY

M. JANKOWITZ & ZUKOWSKY

141 DIVISION STREET NEW YORK

# פערזאנען:

אקסעל אלבערג, א מאלער.
בערטהא, זיין פרוי, מאלערין.
אבעל, איהר פריינדין.
וויללמער, א ליטעראט.
ד״ר אסטערמארק.
פרוי האלל, זיין געשיעדענע פרוי.
אמעליע האלל } איהרע טעכטער פון אן אנדערע הייראט.
טהערעזע האלל. }
לייטנאנט קארל שטארק
פרוי שטארק.
א הויז-מיידעל.

ערשטער אקט

(א מאלער-אטעליער אין פאריז. ליעגט אויפ׳ן סאמע גרונד פון׳ם הויז, מיט גלעזערנע טהירען דורך וועלכע עס זעהט זיך א גארטען. אין הינטער-גרונד גרויסע פענסטער, און א טהיר צום פאר-הויז. אויף דיא וואנד הענגען שטודיען, געוועבען, וואפען, און פערשיעדענע געגענשטענדע אויסגעגאסען פון גיפס. לינקס א טהיר וועלכע פיהרט אין אקסעלס צימער; רעכטס א טהיר וועלכע פיהרט אין בערטהאס צימער. אין מיטען צימער טעטוואס צום פענסטער צו, א געשטעל פאר מאדעלען. לינקס א מאל-ברעט מיט מאל-מאטעריאל. א גרויסע סאפע. א גרויסע קאמין מיט דורכזיכטיגע גלעזערנע טהירליך, דורך וועלכע מען זעהט דאס פייער לייכטען. פון סופיט הענגט ארונטער א הענגעל-לאמפ. ווען דער פארהאנג הויבט זיך אויף, געפינט זיך אויף דער ביהנע אקסעל און דאקטער אסטערמארק.)

אקסעל (זיצט און מאלט) אלזא, דו אויך אין פאריז?

ד״ר: דא איז דער מיטעל פונקט פון דער וועלט וואו אלעס פערזאמעלט זיך. און דו ביסט פערהייראט און גליקליך?

אקסעל : אָ יאָ, געוויס יא, איך בין גאנץ גליקליך.—פערשטעהט זיך—

ד"ר : וואס פערשטעהט זיך ?

אקסעל . הער נור, דו ביסט אַן אלמן, און ביסט אלזא געווען פערהייראט, ווי איז דיר געפעלען די הייראט ?

ד"ר : זעהר שעהן—פאר איהר !

אקסעל : און פאר דיר ?

ד"ר : זא, זא ! אבער דו זעהסט מען מוז זיך צוגעוועהנען, מיר געוועהנען זיך אלע צו מיט דער צייט.

אקסעל : וואס מיינסטו, זיך צו געוועהנען ?

ד"ר איך מיין— כ'האב זיך אונטערגעגעבען !

אקסעל : דו ?

ד"ר : יא, דו וואלסט זיך עס קיינמאל נישט געגלויבט פון אזא מענש ווי איך בין. הא ?

אקסעל : ניין דאס וואלט מיר קיינמאל נישט איינגעפאלען ! זאג נור דו גלויבסט אין פרויען ?

ד"ר : ניין, אפילו אַ האר אויך נישט, אבער איך האב זיי ליעב.

אקסעל : אויף דיין ארט— יאָ !

ד"ר : יאָ, געוויס אויף מיין — ארט ! און דו דען נישט ?

אקסעל : מיר האבען איינגעריכטעט א סארט קאמעראדשאפט . און דו זעהסט, פריינדשאפט שטעהט העכער, און איז מעהר דויערהאפטיגער פון ליעבע.

ד"ר : וואס־זשע, בערטהא מאלט אויך ?

אקסעל : אזוי, זיך.

ד"ר : מירביידע זענען אמאל געווען גוטע פריינד— דאס הייסט מיר פלעגען אימערצו זיך אַביסעל קריגען. אבער — ס'קומט עמיצער— שטיל ! ס'איז קארל און זיין פרוי.

אקסעל : און בערטהא איז גאר אין הויז נישטאָ ! ס'איז ווירקליך אַ שאנדע ! (קארל שטארק און זיין פרוי קומען אריין)

אקסעל : (געהט זיי ענטגעגען) נא ! ווילקאמען ! מיר קומען זיך דא אלע צוזאמען פון פעשיעדענע וועלט־טהיילען גוטען־טאג פרוי שטארק, איהר זעהט גאנץ שעהן אויס נאך אייער רייזע.

פרוי שטארק: אַ דאנק ליעבער אקסעל. די רייזע איז ווירקליך געוועזן פול מיט פערגעניגען פאר אונז! אבער ווי איז ערגעץ דיין בערטהא?

קארל: יאָ, ווי איז די יונגע ווייבעל?

אקסעל: אין אטעליער; אבער זי בעדארף יעדע מינוט אנקומען! אבער וואלט איהר נישט געוואלט זיך אביסעל צוזעצען? (דער דאקטער בעגריסט די בעזוכערס)

קארל: אבער נור פאר איין אויגענבליק, מיר האבען נור געוואלט אזוי אין פערבייהגעהן אריינלויפען כאפען אַ בליק וואס איהר מאכט. אבער נאטירליך מיר ווע׳לען דאָ נאך זיין, מיר זענען דאך איינגעלאדען צו אייך פאר׳ן ערשטען מאַי.

אקסעל: געוויס! אלזאָ איהר האט אונזער איינלאדונגס-קארטע ערהאלטען?

פרוי שטארק. יאָ, מיר האבען זי ערהאלטען נאך וועהרענד מיר זענען געוועזן אין האמבורג. נו און וואס מאכט עפּעס בערטהאַ?

אקסעל: אָה, זי מאָלט, טהוט דאס זעלבע וואס איך, מיר ערוואַטען גראדע יעצט איהר מאדעל! און אזוי ווי ער קען אנקומען יעדער מינוט, וועל איך אייך זא ווי זאָ נישט קענען לאַנג אויפהאלטען. אויב איך וועל וועלען זיין אויפריכטיג.

קארל: גלויבסטו דען אז מיר זענען אזעלכע שעמעוודיגע?

פרוי שטארק: ער איז דאך זיכער נישט— נאקעט, הא?

אקסעל: געוויס איז ער נאקעט.

קארל: אַ מאַן? פוי טייפעל! ניין, דאס וואלט איך מיין פרוי נישט ערלויבט! אליין מיט אַ נאקעטען מאַן!

אקסעל: איך זעה, דו ביסט נאך פול מיט פעראורטיילע קארל!

קארל: יאָ, ווייסטו—

פרוי שטארק: פּפוי!

ד״ר: יאָ, דאס זאג איך אויך.

אקסעל: איך קען נישט זאגען אז דאס איז אין גאנצען נאך מיין געשמאק, אבער אזוי לאַנג ווי איך מוז האבען ווייבליכע מאדעלען, זאָל—

פרוי שטארק: דאס איז עפּעס גאנץ אנדערש—

אקסעל: עפּעס אנדערש?

פרוי שטארק: יא, דאס איז אַ גאַנץ אנדערע זאך, ס'מעג זיין די זעלבּע ארבּייט. אָבּער ס'איז דאך עפּעס גאַנץ אנדערש. (עס הערט זיך אַ קלאַפּען)

אקסעל: דאָ איז ער!

פרוי שטארק: נאַ דאַן געהען מיר! אדיע אלזאַ, און אַ רעוואַואר! גריס בערטהאַן הערצליך פון מיר:

אקסעל: אלזאַ, ווען איהר שרעקט זיך אזוי אדיע, אויף ווידער זעהן!

דאָקטער און קארל: אדיע אקסעל!

קארל (צו אקסלען) דו בּלייבּ וויינינגסטענס דאָ, ווערהרענד—

אקסעל: ניין! צו וואס דען?

קארל: (נעהמט אַפּ טרעסלנעדיג מיט זיין קאָפּ) פּפוי!

(אקסעל אליין, פאנגט אָן צו מאלען. ראַן הערט זיך אַ קלאַפּ)

אקסעל; אריין! [דער מאדעל קומט אריין)

אקסעל: אזוי, איהר זענט שוין ווידער דאָ! מיין פרוי איז נאך נישט אהיים געקומען.

דער מאדעל: אָבּער ס'איז דאך בּאלד צוועלף אוהר, און איך בּעדארף נאך ערגעץ אנדערש אויך געהען.

אקסעל: אזוי! יאָ, איהר האט רעכט, אָבּער—הם—עפּעס האט איהר געמוזט זיכער אַבּהאַלטען אין אַטעליער. וויפיעל בּין איך אייך שולדיג?

דער מאדעל: פינף פראנק, ווי געוועהנליך!

אקסעל: (בּעצאָהלט איהם) דאָ האט איהר! פּילייכט וואָלט איהר נאך געקענט ווארטען אַביסעל.

דער מאדעל: יא, ווען איך וועל געברויכט ווערען!

אקסעל: געוויס, זייט אזוי, גוט און זעצט אייך פאר אַן אויגענבּליק.

(דער מאדעל געהט הינטער דעם פּאַרוואַן. אקסעל אליין, ער צייכענט, און פייפט זיך צו. בּערטהאַ קומט אַריין)

אקסעל. נאַ מיין טהייערע, ענדליך בּיסטו דאך געקומען?

בּערטהאַ: ענדליך?

אקסעל: יאָ, דער מאדעל ווארט!

בערטהאַ: וואס זאגסטו? איז ער ווידער דאָ געווען?

אקסעל: דו האסט דאך איהם אליין בעשטעלט פאר עלף א זייגער.

בערטהא: איך? ניין! האט ער דיר דאָס געזאגט?

אקסעל. יאָ, און איך אליין האָב געהערט ווי דו האסט איהם נעכטען בעשטעלט.

בערטהא: ס'קען מעגליך זיין, אבער וואס מאכט עס אויס. דער פּראָפעסער האט מיך נישט געוואלט נאכלאָזען. און דו ווייסט דאך ווי אונרוהיג מען איז אין די לעצטע שטונדען. דו ביסט דאך נישט בעז אויף מיר, אקסעל?

אקסעל: בעז? ניין. אבער דאס איז שוין דאס צווייטע מאָל, און ער בעקומט יעדעס מאָל פינף פראנק אומזיסט!

בערטהא: האב איך זיך דיך דען געקענט העלפען, ווען דער פּראָפעסער האָט מיך אויפגעהאלטען? ווארום שעלסטו שוין ווידער? קיינמאל—

אקסעל: האב איך דיך געשאלטען?

בערטהא ווי? האסטו מיך נישט—

אקסעל: יא, יאָ, יאָ, איך האב דיך געשאלטען! פערגיעב מיר — פערצייה, וואס איך האב געגלויבט אז דאס איז געווען דיין שולד!

בערטהא: אזוי, איז גוט! — אבער ווי האסטו דען גענומען איהם צו בעצאלען?

אקסעל: איך האב צוריק געקריגען די צוואנציג פראנק, וועלכע איך האב געליהען נאנא'ן.

בערטהא (נעמט ארויס דעם הויז האלטונגס-בוך) אזוי, דו האסט צוריק געקראָגען די צוואנציג פראנק? דאַן וועל איך זיי פערשרייבען, דאמיט ס'זאָל אלעס געהען ריכטיג. ס'איז דיין געלד און דו קענסט נאטירליך דערמיט טהון וואס דו ווילסט. אבער אזוי, לאנג ווי דו ווינשט איך זאָל פערוואלטען די פינאנצען, וועל איך עס גערן טהון. (זי שרייבט) "פופצעהן פראנק איינאהמע, פינף פראנק אויסגאבע פאר'ן מאדעל". אזוי.

אקסעל: ניין, זעה נור, ס'איז דאך געווען צוואנציג פראנק איינאהמע.

בערטהא: יא, אבער געבליבען איז דאך נאר פופצעהן.

אקסעל: יא, אבער געוועזען איז דאך צוואנציג פראנק איינאהמע.

בערטהא: יא, אבער דא געפונען זיך דאך מעהר נישט ווי פופצעהן.

אקסעל: יא, אבער פערשרייבען דארפכטו צוואנציג.

בערטהא: ווארום שטרייטכט דו מיט מיר?

אקסעל: האב איך—? איבריגענס— דער מאן ווארט.

בערטהא: אך יא, זיי אזוי גוט און מאך אלעס בערייט פאר מיר.

אקסעל (שטעלט דאס מאדעל-געשטעל אין פלאץ. שרייט צום מאדעל) זענט איהר שוין אויסגעטהון?

דער מאדעל (פון הינטערען פארייוואן) באלד!

בערטהא: (פערשליכט די מהיר, און לעגט א פאר שטיקליך האלץ אין קאמין) אזוי, יעצט אבער מוזט דו ארויסגעהן!

אקסעל: (צעגערענד) בערטהא!

בערטהא: יא?

אקסעל: איז עס דורכאויס נויטיג — מיט א נאקעטען מאדעל?

בערטהא: נעווים, עס איז דורכאויס נויטיג.

אקסעל הם! יא!

בערטהא: מיר האבען זיך דאך שוין וועגען דער זאך גענוג ארומגעריסען.

אקסעל: דאס איז אמת! אבער ס'איז יעדענפאלס נישט שעהן. (ער געהט אב לינקס.)

בערטהא: (נעמט פינזעלס און דאס מאל-ברעט, רופט דאס מאדעל) זענט איהר שוין פערטיג?

דער מאדעל: איך בין פערטיג!

בערטהא: דאן קומט שוין.— (פויזע) קומט שוין! (ס'הערט זיך א קלאפען) ווער איז דאס; איך האב דא א מאדעל!

וויללמער: (פון דרויסען) וויללמער מיט נייעס פון דער אויס-שטעלונג!

בערטהא ; פון דער אויסשטעלונג. (צום מאדעל) מהוט זיך צוריק אן ! מיר מוזען יעצט די זיצונג אונטערברעכען. אקסעל וויללמער איז דא מיט נייעס פון זאלאן !

אקסעל : (קומט אריין און לאזט אריין ווילמער'ן : דער מאדעל געהט וועהרענד די נאכפאלגענדע סצענע אונבעמערקט ארויס)

ווילמער : גוטען־טאג ליעבער פריינד ! מארגען פאנגט אן די קאמיסיע איהר ארבייט—אה, בערטהא, דא האסטו דיינע מאל פינזלען! (ער נעמט ארויס פון קעשענע א פעקעל)

בערטהא : א דאנק מיין ליעבער גאנא. וויפיעל האבעי זיי געקאסט ?

ווילמער : אה נישט טהייער !

בערטהא : אלזא, זיי פאנגען שוין מארגען אן. טהייערער אקסעל, הער נור !

אקסעל : יא טהייערינקע.

בערטהא : וואלסטו, נישט געוואלט זיין א מאהל ליעבענס־ווירדיג ? זעהר ליעבענס־ווירדיג ?

אקסעל : איך וועל אימערצו זיין צו דיר ליעבענס־ווירדיג !

בערטהא : דו ווייסט ? אלזא דו קענסט דאך ראביה ? אה ?

אקסעל : יא, איך האב זיך בעגעגענט מיט איהם אין וויען. און מיר זענען געווארען ווי מען רופט עס גוטע פריינד.

בערטהא : דו ווייסט אז ער געפינט זיך צווישען די קאמיסיע ?

אקסעל : נו, איז וואס ?

בערטהא : נא— יעצט ווייסטו בייז ווערען. איך וויים עס.

אקסעל : נא, ווען דו ווייסט, דאן מאך מיך נישט בייז.

בערטהא : (איהם גלעטענדיג) ווילסטו פאר דיין פרוי קיין אפפער נישט ברענגען ? קיין איינציגען אפפער ?

אקסעל : (צו איהר) געהן און בעטלען ? ניין, דאס וויל איך נישט.

בערטהא : נישט פאר דיר, דו ווערסט דאך זא־ווי־זא אריין, אבער פאר דיין פרוי ?

אקסעל : הער מיך אויף צו בעטען !

בערטהא : זאל איך דיך מעהר קיינמאל נישט בעטען, פאר קיין שום זאך נישט ?

אקסעל : אָ, יאָ, פאר א זאך, וועלעכע איך זאל קענען אויס־פיהרען און נישט בעדארפען—

בערטהא : דיין מענגליכען שטאָלץ צו אפפערען !

אקסעל : לאמיר־אויפהערען צו שטרייטען מיט ווערטער.

בערטהא: זעהסטו, איך וואלט מיין ווייבליכען שטאלץ געאפפערט ווען איך זאל דיר נור קענען העלפען.

אקסעל : איהר האט קיין שטאלץ נישט !

בערטהא : אקסעל !

אקסעל : נו, יא, פערצייהע !

בערטהא : דו מוזט זיין אייפערזיכטיג. איך גלויב גאר נישט צו דו ווייסט מען זאל מיך אין גאנצען אננעהמען אין זאלאָן.

אקסעל : ס'וואלט געווען מיין גרעסטע פרייד, גלויב מיר בערטהא, ווען דו זאלסט דארט קענען אריין.

בערטהא : וואלסטו זיך אויך פרייען, ווען מען נעמט מיך אָן, און דו ווערסט צוריקגעוויזען ?

אקסעל : דאס מוז איך ערשט פיהלען. (ער לעגט זיין האנד אויף דער לינקער זייט) דאָס וואלט פאר מיר זיכער געווען אַן אונאנגע־נעמעהנער געפיהל! זעהר אונאנגענעהמען ! שוין דערפאר אליין ווייל איך קען בעסער מאלען פון דיר. און ווייל—

בערטהא : (שפאנט הין און צוריק) נו, זאג שוין ארויס, ווייל איך בין א פרוי.

אקסעל : יא, טאקע דערפאר ! ס'מעג אויסזעהן מאָדנע. אבער מיר קומט עס פאר; ווי איהר פרויען וואלט וועלען אריינדרינגען און פלינדערן דארט וואו מיר האבען געקעמפט, וועהרענד איהר זענט געזע־סען ביי'ם אויוען ! פערצייה בערטהא וואס איך רעד אזוי, אבער איינעם מוז אזעלכע געדאנקען, קומען אויפ'ן זינען.

בערטהא : זעהסטו, אז דו ביסט פונקט ווי אלע אנדערע מענער !

אקסעל : ווי אלע אנדערע ! געוויס בין איך ווי אלע אנדע־רע.

בערטהא : און אויסער דעם בעהאנדעלסטו מיך אין דער לעצטער צייט אזוי פון אויבען אראב. דו ביסט קיינמאל פריהער אזוי געווען.

אקסעל : דאס קומט דערפון, ווייל איך שטעה העכער פון דיר. אוז טהו דאס וואס מיר מענער האבען ביז אהער קיינמאל נישט גע־

טהון!

בערטהא: וואס? וואס זאגסטו? שעמסט זיך גארנישט?

ווילמער: זעהט, זעהט, די גוטע פריינד? ניין אבער ליעבע פריינד.

בערטהא בערוהיג זיך! (ער ווארפט איהר צו א בליק וועלכען זי וויל גע־הארכען)

בערטהא: (ענדערט איהר טאָן) אקסעל לאמיר ווידער זיין גוטע פריינד. און הער מיך איין אויגענבליק רוהיג אויס! מיינסטו אז מיין שטעלונג אין דיין הויז — דען עס איז דיין הויז — איז באקוועם פאר מיר? דו עהרנערסט מיך, דו בעצאהלסט פראָפעסאר יוליען פאר מיינע שטודיען, וועהרענד דו אליין האסט נישט קיין מיטלען אירגענד וועל־כען אונטעריכט צו נעמען. גלויבסטו, אז איך קען דאס צוזעהן ווי דו זיצט דאָ און ריכטעסט צו גרונדע דיך מיט דיין טאלאנט דורך דיזע צייכענונגען, און האסט נישט די מעגליכקייט צו מאלען ווי נור אין פרייע מינוטען? דו קענסט זיך נישט ערלויבען צו נעמען א מאדעל, וועהרענד מיינע באצאלסט דו מיט שווער פערהארוועטע פינף פראנקס א שטונדע. דו וויסט אליין נישט ווי גוט, ווי עדעל, ווי אויפאפפערנד דו ביסט, אבער דו ווייסט אויך נישט ווי איך לייד דערפון, ווען איך זעה ווי דו קוועלסט זיך פאר מיר. אך אקסעל דו קענסט גאר נישט בעגרייפען ווי אונאנגענעהמען איך פיהל זיך אין מיין שטעלונג. וואס בין איך פאר דיר? וואס פאר א נוצען ברענג איך דיין הויז? אך, איך שעם זיך, ווען איך דענק דערפון.

אקסעל: וואס! וואס! ביסטו דען נישט מיין פרוי?

בערטהא: יא, אבער—

אקסעל: נו, וואס?

בערטהא: אבער דו ערנעהרסט מיך!

אקסעל: נא, איז דען דאס נישט דער ריכטיגער וועג צוטהון?

בערטהא: יא, פריהער, אין דער אלטער הייראט, איז דאס אזוי געווען. אבער מיר דארפען זיך נישט אזוי פיהרען. מיר האבען דאך געוואלט זיין קאמעראדען.

אקסעל: וואס איז דאס פאר א רייד! דארף דען א מאן נישט ערנעהרען זיין פרוי?

בערטהא: איך וויל עס נישט. אונטער אזעלכע פערהעלטניסע

בין איך נישט גלייך מיט דיר. אבער איך, קען עס ווערען, ווען דו וואלסט זיך געוואלט איינמאל, איין אייציגעס מאל ביינען! דו ביסט ניט דער איינציגער וועלכער געהט צו א מיטגליעד פון דער קאמיסיע זאגען א גוט ווארט פאר דעם צווייטען, ווען דאס וואלט געווען פאר דיר וואלט עס געווען גאנץ אנדערש. אבער דאס איז דאך פאר מיר, פאר מיר! נו איך בעט דיך פון גאנצען הארצען ערהויב מיך צו זיך ארויף פון מיין נידריגקייט, און איך וועל דיר אייביג דאנקבאר זיין, און איך וועל דיר שוין מעהר נישט קוועלען דערמאנענדיג דיר אלע מאל מיין שטעלונג; קיינמאל מעהר, אקסעל.

אקסעל: בעט מיר נישט, דו ווייסט דאך ווי שוואך איך בין.

בערטהא: (אומארעמט איהם) דאך איך וועל דיר בעטען, אזוי לאנג בעטען ביז דו וועסט ערפיעלען מיין וואונש! אך זיי נישט אזוי, שטאלץ. מעהר מענשליך. אזוי, (זי קושט איהם)

אקסעל: (צו וויללמער) זעה נור גאגא. דענקסטו ניט אז די פרויען זענען שרעקליכע טיראנען?

וויללמער (קלעגליך) יא, בעזאנדערס ווען זיי זענען אונטערוועדפיג.

בערטהא: זעה נור וואס פאר א שעהנער וועטער, עס איז שוין ווידער געווארען! דו וועסט דאך געהן אקסעל, נישט וואהר? אזוי טהו יעצט אן דיין שווארצען ראק און געה. און דאן ווען דו וועסט צוריק א היים קומען, וועלען מיר צוזאמען געהן עפעס עסען.

אקסעל: פון וואנען ווייסטו דען, אז ראביה עמפאנגט יעצט געסט?

בערטהא: גלויבסטו דען, אז איך האב זיך שוין וועגען דעם נישט ערקונדיגט?

אקסעל: דו ביסט אן אמת'ע אינטריגאנטקע, בערטהא!

בערטהא: (נעמט ארויס א שווארצען אויבער־ראק פון דער קליידער־שראנק) נא, זעה דא איז דיין שווארצער ראק! אזוי!

אקסעל: אבער דאס איז שרעקליך! וואס זאל איך דעם מענשען זאגען?

בערטהא: הם! דיר וועט שוין אונטערוועגס עפעס איינפאלען. זאג דאס— דיין פרוי— ניין—זאג איהם אז דו ערוואטעסט אין קורצען, א טויפע—

אקסעל: אבער בערטהא !—

בערטהא: נו, דאן זאָג איהם אז דו קענסט איהם פערשאפען אַן אָרדען (עהרען-צייכען)

אַקסעל: ווירקליך, דו דערשרעקסט מיך בערטהא!

בערטהא: מענסט רעדען וואס דו ווילסט! קום יעצט, איך וועל דיר פערקאמען אזוי זאלסט אויסזעהן שעהן. קענסטו זיין פרוי?

אקסעל: ניין.

בערטהא: (קאמט זיינע האָאר) דאן זאלסטו זיך לאזען פאר איהר פארשטעלען. איך וויים אז זי האָט אויף איהם א גרויסען איינפלוס. אבער זי האט פיינד פרויען.

אקסעל: וואס טהוסט דו מיט מיינע האָאר?

בערטהא: איך פערקאם דיר די האָאר. ווי אלע טראָגען יעצט.

אקסעל: אבער איך וויל דאס נישט!

בערטהא: אזוי, יעצט זעהסטו אויס שעהן! יעצט פאלג מיר! (זי געהט צו צום שיפאניער, נעמט ארויס אַ שאכטעל אין וועלכען עס ליעגט אַ רוסישער ארדען פון אַנגע און וויל דאס אנשפיעלען אויף זיין לאַץ)

אקסעל: ניין בערטהא, דאס איז שוין צו פיעל. דעם ארדען וועל איך קיינמאהל נישט טראגען!

בערטהא: אבער דו האסט דאך איהם אנגענומען.

אקסעל: יא, ווייל איך האב איהם נישט געקענט צוריקווייזען. אבער טראגען וועל איך איהם קיינמאהל נישט.

בערטהא: בעלאנגסטו דען צו אזא פאליטישער פארטיי וועלכע איז אזוי ליבעראל-געזאנען, אז זי אונטערדריקט אינדיווידועללע פרייהייט מען זאָל נישט טאָרען אננעהמען עהרען-צייכענס וועלכע קומען פון אן אנדערע פארטיי?

אקסעל: ניין, דאָס נישט, אָבער איך געהער צו אַ קרייז פון קאַמעראדען וועלכע האבען אבגעמאכט צווישען זיך נים צו טראָגען זייערע פערדינסטען אויף זייערע רעק.

בערטהא: אבער די וואס האבען אנגענומען פרייז-מעדאלען!

אקסעל: זיי טראָגען זיי קיינמאל ניט אויף די רעק.

בערטהא: וואס זאָגסטו צו דעם גאָנא?

ווילמער: אזוי לאנג, ווי עס איז פערהאנען עהרען-צייכענס איז

נאריש צו טראגען שאנדע־צייכענס. און א שלעכטען ביישפיעל דארף מען נישט נאכטהאן. לעג זיי אוועק, איך האב נישט דאגעגען — פון אן אנדער׳ן קענסטו זיכער זיין, וואלט איך זיי נישט געקענט אוועקנעהמען.

אקסעל: יא, אבער ווען מיינע קאמעראדען, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט פיעל מעהר פון מיר טראגען זיי נישט. וועל איך זיי מעהר נישט ווי ערנידריגען, ווען איך זאל זיי יא טראגען.

בערטהא: אבער ווען דו טראגסט דאס אונטער דעם אויבער־ראק, זעהט קיינער נישט און דו ערנידריגסט קיינעם נישט.

וויללמער: זעהסטו דאס האט בערטהא רעכט. דו טראג דיין ארדען אונטער׳ן ראק און נישט אויפ׳ן ראק.

אקסעל: יעזואיטען! ווען מען גיט אייך נאר א פינגער, נעמט איהר שוין די גאנצע האנד.

אבעל: (קומט אריין און טראגט א פעלץ און א פעלצענע־מיץ)

בערטהא: זעה, דא איז אבעל! קום און שליכטע אונזער שטרייט!

אבעל: גוטען־טאג בערטהא, גוטען־טאג אקסעל. ווי געהט׳ס נאנא? וועגען וואס האנדעלט זיך עס דען?

בערטהא: אקסעל וויל נישט טראגען זיין ארדען, ווייל זיינע קא־מעראדען ערלויבען עס איהם ניט.

אבעל: נאטירליך קומען ערשט די קאמעראדען, און דאן די פרוי דאס איז דאך זעלבסט־פערשטענדליך! (זי זעצט זיך ביי׳ם טיש, נעהמט ארויס טאבאק און מאכט זיך א ציגארעט)

בערטהא: (שפיעלעט דאס באנד אויף אקסעלס לאץ, און לעגט דעם שטערען צוריק אריין אין שאכטעל) ער קען מיר נוצען אהן עמיצען צו שאדען, אבער איך האב מורא אז ער וויל מיר ליעבער שאדען!

אקסעל: בערטהא! בערטהא! איהר מענשען וועט מיר משוגע מאכען. איך זעה נישט קיין פערברעכען, ווען איך זאל טראגען דאס באנד. און איך האב זיך אויך נישט געגעבען א שבועה איך זאל עס ניט טראגען אבער לויט אונזערע אנשויאונגען, ווערט דער בעטראכט אלס א פייגלינג, וועלכער האט מורא אז ער וועט ניט דערגרייכען זיין ציעל. אהן דעם.

בערטהא: פערשטעהט זיך א פייגלינג! אבער דו נעהסט דאך

נישט פאר דיר— נאר פאר מיר!

אבעל: אקסעל, דו האסט פליכטען צו דער פרוי, וועלכע האט איהר לעבען פאר דיר געאפפערט.

אקסעל: איך פיהל אז דאס וואס איהר זאגט יעצט איז פאלש אבער איך האב נישט די צייט, און נישט די ענערגיע א צינד אייך צו ענטפערען. אבער א ענטפער איז דא דערויף. עס' וייסט אוים ווי איהר וואלט געוואָרפען ארום מיר א נעץ, ווערהענד איך בין געזעסען פער־טיעפט אין מיין ארבייט. איך פיהל ווי א נעץ פלאנטערט זיך ארום מיר. און מיינע פיס וויקלען זיך איין אין איהר, ווען איך וויל זי אוועק שטויסען. אבער ווארטס נור. ווען מיינע הענד וועלען פריי ווערען, וועל איך כאפען א מעסער און צושניידען די פעדים פון אייער נעץ. אבער פון וואס האבען מיר געהאלטען אין רעדען? אך יא, איך דארף מאכען א בעזוך! גיעב מיר מיינע האנדשוה, און מיין אויבער־ראָק! אדיע בערטהא! אדיע— אבער יא, וואו וואהנט אייגענטליך ראביה?

וויללמער און בערטהא: פינף־און־זעכציג רו דעם מארטהירס.

אקסעל: דאס איז דאך נישט וויט פון דאנען.

בערטהא: גלייך דא אין עק גאס! א דאנק דיר אקסעל וואס דו נעהסט. נו פאלט דיר דאס אפפער שווער?

אקסעל: איך פיהל נישט מעהר. ווי איך בין שוין באלד קראנק פון די רייד, און דאס בעסטע וואלט געווען איך זאל שוין געהן. אדיע!

(ער געהט אב)

אבעל: אויף אקסלען איז א רחמנות. ווירקליך א רחמנות. ווייסט איהר שוין אז ער איז צוריקגעוויזען?

בערטהא: און איך?

אבעל: דו נישט. דו האסט געשריבען דיין מיידעלשען נאמען אין פראנצויזיש. וועט עריעט־דיין רייהע קומען ביי O (אָ)

בערטהא. פאר מיר איז אלזא נאך דאָ האפנונג!

אבעל: פאר דיר יא, אבער נישט פאר אקסלען.

וויללמער: יעצט וועלען מיר זיכער זעהן עפעס אויסערגעוועהנליכעס.

בערטהא: פון וואנען ווייסטו, אז ער איז צוריקגעוויזען געווארען?

אבעל: הם! איך האב אנגעטראָפען איינעם „ניט פון אונזערע" וועלכער האט דאס מיר געזאָגט. און געהענדיג אהער האב איך

זיך געשראָקען אַז איך זאָל דאָ נישט בייוואָהנען אַ סצענע. און ווי עס ציינט אויס האט ער די נאַכריכט נאָך נישט ערהאַלטען?

בערטהא: ניין, ווי ווייט איך וויס, דערווייל נאָך נישט. אָבער אבעל ביסטו זיכער אַז אַקסעל וועט טרעפען מאַדאַם ראביה, און נישט איהר מאַן?

אבעל: וואָס דאַרף ער מאַנסיער ראביה? ער האָט נאַרנישט וואָס צו־זאָגען. זעהסטו זי איז די פרעזעדענטין פון די מאָלירינס שוץ־פעראיין.

בערטהא: אַלזאָ איך בין נאָך נישט צוריקגעוויזען?

אבעל: ניין, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, און אַקסעלס בעזוך קען דיר דאָך פיעל העלפען. ער האָט אַ רוסישען אָרדען. און יעדע רוסישע זאַך איז יעצט אין פאַריז זעהר פּאָפּולער.

אבעל: אָבער אויף אַקסלען איז פאָרט אַ רחמנות.

בערטהא: אַ רחמנות? וואָרום? זיי האָבען נישט פאַר יעדען איינעם פּלאַטץ אויף די זאַלאָן־ווענד. ס'איז דאָ אַזוי פיעל פרויען וואָס ווערען צוריקגעוויזען, זאָל אַ מאַן אויך אַ מאָל פיהלען דעם טעם דערפון. ווען איך זאָל אָבער יעצט אריין — וועסטו באַלד הערען אַז ער האָט מיין בילד געמאָלען, און אַז ער האָט מיך געלערענט און דאָס בעצאָלט פאַר מיינע שטונדען, אָבער מיך וועט דאָס גאַנץ ווענינ אַרען, ווייל דאָס וועט נישט זיין אמת.

ווילמער: נו, יעצט ווילען מיר זעהן עפּעס אויסערגעוועהנליכעס!

בערטהא: ניין. אין געגענטהייל. אנגענומען אַז מען וועט מיין בילד נישט צוריקווייזען. דאַן וועט מען זעהן עפּעס זעהר געוועהנליכעס. אָבער יעדענפאַלס איך שרעק זיך פאַר דעם מאָמענט. עפּעס זאָגט מיר דאָס הארץ, אַז צווישען אונז וועט שוין מעהר נישט זיין ווי עס איז געוועזן ביז אהער.

אבעל: דאָס וועט גראַדע גוט זיין. איהר וועט דאָך ביידע זיין גליקליך.

ווילמער: איך דענק אַז אייער לעבען וועט דאַן פיעל אנגע־נעהמענער ווערען, דיינס זיכער, ווען דו וועסט דיינע בילדער פער־קויפען און זיך אַליין קענען פערזאָרגען.

בערטהא: געוויס וועט עס ווערען בעסער! מיר וועלען שוין זעהן! — מיר וועלען שוין זעהן.

דאס הויז־מיידעל: (קומט אריין, האלט אין האנד, א גרינעם בריעף).

בערטהא: א גרינעם בריעף פאר אקסלען! דא איז עס! דא איז עס! ער איז צוריקגעוויזען! יא, דאס איז אבער שרעקליך. — און דאך א טרייסט פאר מיר ווען איך זאל צוריקגעוויזען ווערען.

אבעל: אבער ווען דו ווערסט נישט צוריקגעוויזען? (בערטהא שווייגט).

אבעל: דו ווילסט נישט ענטפערען דארויף?

בערטהא: ניין, איך וויל נישט ענטפערען.

אבעל: ווייל דאן וועט די גלייכהייט צווישען אייך אויפהערען, און דו וועסט זיין העכער פון איהם.

בערטהא: העכער? א פרוי העכער פון איהר מאן — איהר מאן — אה!

וויללמער: ס'איז שוין צייט מיר זאלען דאס זעהן.

אבעל: (צו בערטהאן) האסט היינט געגעסען פרישטיק איז דער קאפעע? איז דארט פארגעקומען עפעס אינטעריסאנטעס?

בערטהא: אה יא!

וויללמער: נא, ווען וועסטו איינגענטליך שרייבען א קריטיק איבער מיין בוך, אבעל?

אבעל: איך בין גראדע דערמיט יעצט בעשעפטיגט!

וויללמער: וועסטו זיך האלטען פיין צו מיר?

אבעל: זעהר־זעהר פיין. — נא, בערטהא. ווי און ווען וועסטו איהם דעם בריעף געבען?

בערטהא: (געהט הין און צוריק) דערפון גראדע דענק איך יעצט. אויב ער האט זיך מיט דער מאדאם ראביה נישט געזעהן און האט אונזער פלאן נישט דורכגעפיהרט. גלויב איך נישט, צו ער וועט דאס דורכפיהרען נאכהער זועך ער וועט זיך דאס דערוויסען.

אבעל: (הויבט זיך אויף) איך גלויב נישט צו אקסעל איז אזוי שלעכט, אז ער זאל דערפאר וועלען נעמען נקמה אן דיר.

בערטהא: שלעכט? דער עדעלסטער מענש וואס איך האב אנגעטראפען! איז ער דען נישט געגאנגען ווען איך האב איהם געשיקט,

נאר דערפאר ווייל איך בין זיין פרוי? פאר אנדערע וואלט ער דאס זיכער נישט געטהון!

אבעל: וואלט דאס דיר געשמעקט, ווען ער טהוט דאס פאר עמיצען אנדערש?

בערטהא: נא, זייט געזונד — איהר מוזט יעצט געהן, איידער ער קומט צוריק.

אבעל: דאס דענק איך אויך. זיי געזונד בערטהא.

וויללמער: יא, דאס בעסטע וואלט געווען מיר זאלען יעצט געהן. זיי געזונד בערטהא.

דאס הויז־מיידעל: (קומט אריין און מעלדעט) פרוי האלל.

בערטהא: ווער קען דאס זיין?

אבעל און וויללמער: אדיע בערטהא! (ביידע אב).

פרוי האלל: (קומט אריין, נאכלעסיג געקליידעט) איך ווייס נישט צו איך האב די עהרע צו זיין בעקאנט מיט אייך. אבער איהר זענט דאך פרוי אלבערג, געבוירענע אלונד?

בערטהא: יא, די בין איך. זייט אזוי גוט זעצט אייך!

פרוי האלל: מיין נאמען איז האלל! אך מיין גאט איך בין אזוי מיעד. איך בין היינט אויף אזוי פיעל טרעפ געגאנגען. אוי ווער מיר! איך מיין כ'וועל באלד חלש'ן.

בערטהא: מיט וואס קען איך אייך דינען?

פרוי האלל: קענט איהר פיליכט נישט א דאקטאר מיט'ן נאמען אסטערמארק, פרוי אלבערג?

בערטהא: יא, דאס איז מיינער אן אלטער פריינד.

פרוי האלל: אן אלטער פריינד. יא! איהר זעהט טהייערע פרוי אלבערג, מיר זענען אמאל געווען פערהייראט, אבער מיר האבען זיך געשיידט. איך בין זיין גע'גט'ע פרוי!

בערטהא: דאס האט ער מיר קיינמאל נישט דערציילט!

פרוי האלל: נא, אזעלכע זאכען דערצעהלט מען נישט.

בערטהא: ער האט מיר געזאגט, אז ער איז אן אלמן.

פרוי האלל: יא, איהר זענט דאמאלסט געווען א יונג־מיידעל, האט ער נישט געוואלט אז מען זאל דאס וויסען.

בערטהא: און איך האב אימער געגלויבט אז ד"ר אסטער־

מארק איז אַן עהרענהאפטער מאַן.

פרוי האלל: יא, ער איז שוין גאר א וואוילער! אַן אמת'ער עהרענמאן!

בערטהא: אבער צו וואָס דערציילט איהר מיר דאָס אַלעס?

פרוי האלל: ווארטס נור איין מינוט, ליעבע פרוי אלבערג, איין מינוט, און איהר וועט אַלעס געוואהר ווערען. איהר זענט דאך א מיטגליעד פון דער פרויען־פעראיין?

בערטהא: יאָ, איך בין?

פרוי האלל: זעהט איהר! ווארטס נור וועט איהר שוין באלד אַלעס הערען!

בערטהא: האָט איהר געהאַט קינדער?

פרוי האלל: צוויי — צוויי טעכטער, פרוי אלבערג.

בערטהא: דאָס איז שוין עפּעס גאַנץ אנדערס! און ער האָט אייך געלאזט ווי אויפ'ן וואסער?

פרוי האלל: ווארטס נור וועט איהר שוין באלד הערען. מיר פלעגען פון איהם ערהאלטען א יעהרליכע־פענסיע, וואָס ס'פלעגט נישט קלעקען אפילו אויף דירה־געלד צו־בעצאהלען. יעצט שרייבט ער מיר אַז ער איז רואינירט, און קען מיר מעהר נישט שיקען ווי האלב אזוי פיעל, וויפיעל ער האט מיר געשיקט ביז יעצט. נו פרעג איך אייך, איז דאס נישט עדעל? גראַדע יעצט ווען די מיידלעך זענען אויסגעוואקסען און בעדארפען אריין אין לעבען?

בערטהא: מיר וועלען שוין זעהען וואָס מיר האָבען צו טהון. ער וועט דאָ זיין אין איינינע טעג ארום. ווייסט איהר מאדאם אַז איהר האט דאס געזעץ אין אייער זייט. און אַז דאָס געריכט קען איהם צווינגען אייך צו צאָהלען! און ער זאָל טאקע געצוואונגען ווערען! פערשטעהט איהר! ברענגען קינדער אויף דער וועלט און זיי דאַן פערלאָזען מיט דער אָרימער הילפלאָזע מוטער! אָ, מיר וועלען איהם שוין ווייזען, אז מען קען אזוי נישט האנדלען! ווילט איהר פיליייכט מיר אנגעבען אייער אדרעסע?

פרוי האלל: (גיט איהר אַ וויזיט־קארטעל) ליעבע פרוי אלבערג. וועט עס אייך נישט פערדריסען ווען איך וועל פון אייך בעטען א קליינע טובה?

בערטהא: איהר קענט אייך אויף מיר אין גאנצען פערלאָזען. איך וועל באלד שרייבען צו די סעקרעטערין —

פרוי האלל: אך יאָ, איהר זענט זעהר ליעבענס-ווירדיג. אבער ביז די סעקרעטערין וועט ענטפערען, וועט מען מיר נאך פיללייכט ארויסזעצען מיט מיינע קינדער אויף דער גאס, ליעבע פרוי אלונד, קענט איהר מיר פילייכט נישט לייהען א קליינע סומע, — ווארטס נור -- אזוי צוואנציג פראנק?

בערטהא: ניין, מיין ליעבע פרוי, איך האב אליין קיין געלד נישט! פארלויפיג פערזאָרגט מיך מיין מאן. און גלויבט מיר אז דאס איז נישט אזוי אנגענעהם. ס'איז זעהר ביטער צו עסען גנאדען-ברויט ווען מען איז יונג, אבער איך האף אז פאר מיר וועט נאך אויך קומען בעסערע צייטען.

פרוי האלל: אך, ליעבע גוטע פרוי אלבערג, איהר טארט דאס מיר נישט אבזאגען. וויל אויב איהר וועט מיר נישט לייהען בין איך א פערלוירענע. העלפט מיר, נאט וועט אייך דער פאר בענשען.

בערטהא: האלט דאס דען אזוי שלעכט?

פרוי האלל: איך קען אייך גאר אויף אזוי פיעל נישט זאגען!

בערטהא: וועל איך אייך לייהען די סומע נעכך! (זי געהט צו צום שיפאניער) צוואנציג, דרייסיג, זעכציג, אכציג! — פעלען צוואנציג. וואס האב איך געמאכט מיט די צוואנציג? הם! דער פריהשטיק! (זי שרייבט אין הויז האלטונגס-בוך) פארבען צוואנציג, קלייניגקייטען: צוואנצוג פראנק. — דאָ האָט איהר דאס געלד.

פרוי האלל: א שענעם דאנק אייך, ליעבע פרוי אלונד. א שענעם דאנק, טהייערע פרוי.

בערטהא: נישטא פאר וואס. נו, היינט האב איך מעהר קיין צייט נישט. זייט געזונד און פערלאזט אייך אויף מיר.

פרוי האלל: (אונזיכער) ווארטס נור, איין אויגענבליק —

בערטהא: ניין, יעצט מחט איהר געהן!

פרוי האלל: נור איין מינוט! וואס האב איך געוואלט זאגען? — אבער זאל שוין זיין! (זי געהט אָב).

בערטהא: (פלייבט פאר א מאמענט אייגע אליין, ווען זי הערט אקסלען קומען, בעהאלט זי דעם גריגעם בריעף אין דער קעשענע) שוין

בעזארגט? נו, האסט איהר געטראפען — איהם געטראפען?

אקסעל: איהם האב איך נישט געטראפען, אבער, איהר יא. און דאס איז געווען פיעל בעסער. איך גראטולירע דיר בערטהא! דיין בילד איז שוין אָנגענומען!

בערטהא: הא! וואס זאגסט דו! און דיינס?

אקסעל: וועגען מיינס איז נאך נישט ענטשיעדען געווארען — אבער ס'וועט זיכער אויך דורכגעהען.

בערטהא: ביסטו דען זיכער אין דעם?

אקסעל: נאטירליך.

בערטהא: אך איך בין אָנגענומען! גוט ווי גוט עס איז! אבער ווארום גראטולירסט דו מיר נישט?

אקסעל: האָב איך דאָס שוין נישט געטהון? איך בין זיכער אז איך האב דיר ערשט געזאָגט, אָז איך גראטוליר דיר! איבריגענס מען דארף קיינמאָל נישט פערקויפען די פעל, איידער מען האָט דעם בער געשאָסען, אריינקומען אין דעם זאלאָן איז נאך נישט אין גאנצען דאס איז בלויז א גוטער צופאל. טהיילמאָל הענגט דאס גאר אין גאנצען אָב מיט וועלכען בוכשטאב דער נאָמען פאנגט זיך אָן. דיין רייהע איז O (אָ) ווייל דו האָסט געשריבען דיין מיידעלשען נאָמען. און איינער וועמענס נאָמען עס פאנגט זיך אָן מיט M (מ) איז נאך גרינגער.

בערטהא: אזוי, ווילסטו אלזא זאָגען. דאָס איך בין אָנגענומען געוואָרען דערפאַר ווייל מיין נאָמען פאנגט זיך אָן מיט O (אָ).

אקסעל: נישט נור דערפאַר!

בערטהא: נא, און ווען דו וועסט צוריקגעוויזען ווערען וועט עס נור זיין דערפאַר, ווייל דיין נאָמען פאנגט זיך אָן מיט A (א).

אקסעל: נישט נור דערפאַר אַליין, אָבער דאָך טהיילווייז —

בערטהא: הער נור, איך גלויב נישט צו דו ביסט אזוי עהרענ־האַפט ווי מען גלויבט, דו ביסט אייפערזיכטיג.

אקסעל: ווארום זאָל איך זיין אייפערזיכטיג, ווען איך וויים נאָך נישט וואס ס'האט פאסירט מיט מיר?

בערטהא: אבער ווען דו זאָלסט עס יאָ וויסען?

אקסעל: וואָס?

בערטהא: (נעמט ארויס דעם בריעף).

י אקסעל: (זעצט זיך אויף אַ שטול) וואָס? — — (ער האלט זיך פעסט) דאָס איז אַ קלאַפּ וועלכען איך האָב נישט ערוואַרטעט. דאָס איז זעהר שלעכט!

בערטהא: יעצט וועל איך דיר דארפען העלפען!

אקסעל: דו זעהסט אויס צו זיין פול מיט שעדליכע פרייהליכקייט בערטהא. אַ איך פיהל אז איניווייניג אין מיר פאנגט אָן ארויסצו־וואקסען א גרויסע האס געגען דיר.

בערטהא: איך זעה פיליכט אויס פריילּיך, ווייל איך האב געהאט אַ גרויסען ערפאלג. אָבער ווען מען איז פערבונדען מיט אַ מענשען, וועלכער קען זיך נישט מיט פרייהען ווען אנדערע זענען גליק־ליך. דאן פאלט עס זעהר שווער צו סימפּאטיזירען מיט זיין אומגליק.

אקסעל: איך ווייס נישט וואָרום, אָבער מיר ווייזט זיך אויס אז מיר וועלען זיך יעצט מוזען ווערען שונאים. דער קאמפּף צו שטעהן העכער איינער פאר'ן צווייטען האט יעצט צווישען אונז אויסגעבראָכען, און דארום וועלען מיר מעהר קיין פריינד נישט קענען זיין.

בערטהא: קען דען דיין גערעכטער פערשטאנד זיך נישט ביינגען, און זעהן מיך אלס די פעהיגערע וועלכע וועט זיגען אין קאמפּף?

אקסעל: דו ביסט נישט די פעהיגערע.

בערטהא: דאס האָט דאך שוין די קאמיסיע אויסגעפונען.

אקסעל: די קאָמיסיע? אָבער דו ווייסט דאָך אליין אז איך מאָל בעסער פון דיר.

בערטהא: ביסטו אזוי זיכער דערינען?

אקסעל: יאָ, איך בין דאָס גאנץ זיכער. אָבער דו האָסט גע־ארבייט אונטער גינסטיגערע אומשטענדען ווי איך. דו האָסט קיין זייטיגע ארבייטען נישט געהאט. דו האסט אימערצו געקענט געהן אין אטיליער, דו האסט געהאָט מאָדעלען, און דו ביסט אַ פרוי!

בערטהא: דא האבען מיר עס. איך הער שוין יעצט ווי מען ווארפט מיר אויף, אז דו האָסט מיר אויסגעהאַלטען —

אקסעל: צווישען אונז יאָ, אָבער די וועלט וועט דערפון נישט וויסען. סיידען דו אליין וועסט געהן און דאָס אויספּויקען.

בערטהא: הא די וועלט ווייסט שוין דערפון. אָבער זאג מיר נור וואָרום אַרט דיר נישט ווען אַ קאמעראד. אַ מענליכער קאמעראד

ווערט אנגענומען, וועלכער פערשטעהט וויי‌ניגער פון דיר ?

אקסעל : דעריבער מוז איך נאכדיינקען. — דו זעהסט, מיר האבען אייך קיינמאל נישט אנדערש ווי מיט דעם געפיהל קריטיזירט, און דערפאר האב איך קיינמאל נישט נאכגעדיינקט וועגען אונזער בעציהונג איינס צום אנדערען. און יעצט ווען דער שוך דריקט מיך, קומט מיר פאר, ווי מיר וואלטען קיינמאל קיין קאמעראדען נישט געווען. ווייל דאס געפיהל לערענט מיר יעצט, אז איהר פרויען האט דאָ נאר נישט וואס צו טדון. אַ קאמעראד איז נישט מעהר אָדער וויי‌ניגער ווי אַ טהייערער קאנקורענט. מיר אָבער זענען זיך שונאים. איהר פרויען זענט אימערצו געשטאנען פון הינטען וועהרענד מיר האבען אין קאמפף בעפאכען דעם שונא. און יעצט ווען דער טיש איז געדעקט, זעצט איהר אייך אוועק צום גרייטען ווי ביי אייך אין דער היים ?

בערטהא : ווי שעהמסטו זיך ניט, האט מען אונז דען אמאל ערלויבט אנטהייל צו נעמען אין קאמפף ?

אקסעל : אייך איז אימערצו געווען ערלויבט, אבער איהר האט נישט געוואלט אדער נישט געקענט. אויף אונזערן געביעט, צום ביישפיעל, אין וועלכען דו ברעכסט זיך יעצט אריין, האט די טעכניק געמוזט דורכמאכען איהר גאנצע ענטוויקלונג דורך אונז און פון אונז פערענדיגט. ווערענ' נאך איידער איהר זענט ארויסגעטרעטען. און יעצט קויפט איהר די הונדערט־יעהריגע ארבייט פון אַ אטיליער פאר צעהן פראנק אַ שטונדע, און פאר אונזער שווער פערהארעוועט געלט.

בערטהא : יעצט ביסטו גאר נישט עדעל, אקסעל !

אקסעל : ווען בין איך געווען עדעל ? יא, ווען איך האב זיך געלאזט פון דיר טרעטען ווי אַן אַלטער שוך. — אבער יעצט ביסטו העבער פון מיר — און איך קען שוין עדעל מעהר נישט זיין. ווייסטו אז דיעזער אומגליק וועט שוין אויך ענדערן אונזער עקאנאמישע שטעלונג ! וועגען מאלען קען איך שוין מעהר נישט דענקען, איך מוז אויפגעבען מיין לעבענס־טרוים, און ווערען נישט מעהר ווי אַן איינ־פאכער צייכענער.

בערטהא : דאס ברויכסטו נישט ; ווען איך וועל פערקויפען מיין בילד, וועל איך פאר זיך אליין זארגען.

אקסעל: איבריגענס, וואס איז דאס פאר א פערזאיינונג, וועלכע מיר האבען געשלאסען? די חייראט דארף זיין געגרינדעט אויף געמיינזאמע אינטערעסען, אונזערע איז געבויט אויף ווידער־שטרייטענדע.

בערטהא: דעריבער קענסטו אליין נאכדענקען. ווייל איך געה יעצט אויס, עסען מיטאג. געהסט מיט?

אקסעל: ניין, איך וויל מיט מיינע ליידען אליין בלייבען.

בערטהא: און איך מוז האבען געזעלשאפט פאר מיין פרייד. — אבער מיר האבען דאך היינט אבענד א פערזאמלונג — זי וועט אבער ניט שטאטפינדען יעצט ווען ביי דיר איז אזוי טרויעריג, הא?

אקסעל: ס'איז גראדע נישט אזוי אנגענעהם, אבער ס'קען שוין אנדערש נישט זיין זאלען זיי קומען.

בערטהא: (טהוט זיך אן צום אויסגעהן) דו מוזט אבער בלייבען אין הויז. אז נישט וועט דאס אויסזעהן ווי דו וואלסט זיין א טרוס.

אקסעל: איך וועל בלייבען אין הויז, זיי גאנץ רוהיג! — אבער לאז מיר איבער עפעס געלד איידער דו געהסט.

בערטהא: די קאסע איז ליידיג.

אקסעל: ליידיג?

בערטהא: יא, דאס געלט געהט שוין אויך אויס!

אקסעל: קענסט מיר לייהען צעהן פראנק?

בערטהא: (נעמט ארויס איהר געלט־בייטעלע) צעהן פראנק? יא, ווען איך האב נור, פאר וואס נישט. נא דא האסטו. ווילסט מאקי נישט מיטנעהן, זאג מיר?

אקסעל: און שפיעלען דעם בעזיגנטען־לייב, פאר דעם טריאומפף־וואגען? ניין, מיר דארף נאך נעמען א שטיקעל צייט אויסצוקלערנען מיין ראלע פאר די אבענד־פארשטעלונג.

בעטהא: אויב אזוי אדיע.

אקסעל: אדיע בערטהא. איך וויל דיך נאך עפעס בעטען.

בערטהא: וואס?

אקסעל: קום נישט אהיים בעטרונקען! ווייל היינט וועט עס מיר זיין אונבעקוועמליכער ווי אימער.

בערטהא: וואס געהט דאס דיך אן. ווי אזוי איך קום א היים?

אקסעל: איך פיהל א געוויסע פעראנטווארטליכקייט פאר דיר, ווי צו א פערוואנדטעטען. דו טראָגסט דעם זעלבען נאָמען וואָס איך. און אויסער דעם ס'איז מיר אונאנגענעהמען צו זעהן א פרוי ווען זי איז שכור.

בערטהא: ווארום, איז עס מעהר אונאנגענעהמענער צו זעהן א מאַן ווען ער איז שכור.

אקסעל: ווארום? ווייל א פרוי איז אונערטרעגליך, ווען זי פערשטעלט זיך נישט.

בערטהא: אדיע דו אלטער מאראל-פרעדיגער! — דו געהסט אלזא נישט מיט?

אקסעל: ניין! —

(בערטהא געהט אָב; אקסעל שטעהט אויף, און טהוט אויס זיין שווארצען ראָק אום זיך אנצוטהון זיין ארבייט-רעקעל).

(פארהאַנג.)



## צווייטער אקט.

(די זעלבע דעקעראציאן. אַ גרויסער טיש ארומגעשטעלט מיט שטוהלען, שטעהט אין מיטען צימער. אויפ׳ן טיש שרייבגעציינ; פאפירען און אַ פרעזידענטען־גלעקעל. אקסעל זיצט און מאלט. אבעל זיצט נעבען איהם אויף אַ שטוהל און רויכערט).

אקסעל: אזוי, דער מיטאג אלזא איז שוין פאראיבער, און יעצט טרינקען זיי קאווע? האבען זיי עפעס פיעל געליארמט?

אבעל: אַ יאַ! בערטהא האט זיך געהאלטען אין איין בעריה־מען, און איז געווען אונערטרעגליך.

אקסעל: זאָג מיר נור אבעל, ביסטו מיין פריינדין אדער נישט?

אבעל: הם! — דאס ווייס איך נישט.

אקסעל: קען איך דיר טרויען?

אבעל: ניין, דאס קענסטו מיר נישט.

אקסעל: ווארום נישט?

אבעל: אָה איך פיהל אַז ניין,

אקסעל: אבער דו האסט אַ מאנסבילערישען פערשטאנד, און מיט דיר קען מען רעדען פערנינפטיג. זאג מיר ווי אייגענטליך פיהלסטו זיך צו זיין אַ פרויען־צימער! איז דאס ווירקליך אזוי שרעקליך?

אבעל: (שפאסיג). יאַ, נאטירליך, מען פיהלט דאס זעלבע ווי מען וואלט געווען אַ נעגער.

אקסעל: מערקווירדיג! הער, אבעל — דו ווייסט, איך האב אַ ליידענשאפט פאר ערענטליכקייט און נערעכטיגקייט.

אבעל: איך ווייס אז דו האסט ליעב צו פאנטאזירען — און דערפאר וועט דיר קיינמאל נישט גוט זיין.

אקסעל: אבער דיר געהט עס גוט — ווייל דו האסט קיין געפיהל?

אבעל: קען זיין.

אקסעל: אבעל, האסטו ווירקליך קיינמאל נישט געפיהלט די בעדערפינעס צו ליעבען אַ מאן?

אבעל: ווי נאריש דו ביסט!

אקסעל: האסטו קיינמאל נישט געהאט איינעם?

אבעל: ניין, מיט מענער האב איך קיינמאל נישט געהאט צו טהון.

אקסעל: נא — בין איך דען נישט קיין מאן?

אבעל: דו — ניין!

אקסעל: איך בילדע זיך דאס אבער דאך איין.

אבעל: דו א מאן! דו וועלכער מאכסט די ארבייטען פון א פרוי, און געהסט געקליידעט ווי א פרוי?

אקסעל: איך געה געקליידעט ווי א פרוי?

אבעל: דו געהסט דאך מיט לאקען ארום דיין נאקעטען האלז, וועהרענד זי טראגט א שטעהענדען קראגען, און געהט אבגעשווירענע האאר. גיב נאר אכטונג זי וועט נאך אויך באלד אנטהון די הויזען.

אקסעל: וואס פאר א רייד!

אבעל: און וואס פאר א שטעלונג נעמסטו אן אין דיין אייגען הויז. דו בעטעלסט ביי איהר געלט. און זי איז געווארען דיין שומר ניין, דו ביסט נישט קיין מאנסביל! אבער זי האט דיר טאקע גענומען נור דערפאר, ווייל זי האט זיך געפונען אין שלעכטע אומשטענדען.

אקסעל: דו פיהלסט א האס צו בערטהאן. וואס האסטו צו איהר?

אבעל: איך ווייס נישט. אבער פיליכט לייד איך אויך פון יענער ליידענשאפט פאר גערעכטיגקייט.

אקסעל: זאג נאר, גלויבסטו שוין מעהר נישט אין דער גרויסער אויפגאבע פון דער פרוי.

אבעל: א מאהל יא, און א מאהל נישט, און וואס קען מען נאך יעצט איבערהויפט גלויבען! טהיילמאל קומט מיר פאר, אז דאס אלטע איז פיעל בעסער געווען. אלס מוטערס פלעגען מיר דאך אננע־מען א נעאכטעטע און נעעהרטע שטעלונג, ווייל מיר פלעגען דערמיט ערפילען אונזער פפליכט אלס מיט־בירגער, אין הויז זענען מיר געווען א שטארקע מאכט, און די ערציהונג פון קינדער איז אויך נישט גע־ווען קיין אונעהרענהאפטע בעשעפטיגונג. — גיעב מיר א ביסעל קאניאק אקסעל, מיר האבען אזוי פיעל גערעדט.

אקסעל: (געהט נעמען דעם קאָניאַק.) ווארום טרינקסטו?
אבעל: איך ווייס נישט. איך וויל זעהן וואונדער.
אקסעל: וואס פאר א! —
אבעל: א מאן וואס זאל בעהערשען די פרוי.
אקסעל: און ווען דו וועסט געפינען אזעלכען?
אבעל: דאן וואלט איך איהם — ווי זאגט מען — דאן וואלט איך איהם ליעבען. אבער ווען פון דער גאנצער זאך זאל זיך מעהר נישט אויסלאזען ווי א פוסטער חלום? וואס וועט דאן זיין?
אקסעל: נא, ס'איז אבער דאך פערהאנען א בעוועגונג דער־פאר.
אבעל: אך ס'איז דאָ אזוי פיעל בעוועגונגען — פראגרעסיווע און רעאקציאנערע! גלויב מיר עס קען אויך ענטשטעהען א בעוועגונג פאר א נארישקייט, ווען מען זאל נאָר קענעי געפינען די מאיאָריטעט דערפאר.
אקסעל: ווען דאס זאל אזוי זיין, האט איהר געמאכט א פער־דאמטען ליארם איבער גארנישט ווייל עס וועט שוין אונמעגליך זיין רוהיג צו לעבען דורך אייך.
אבעל: מיר ליארמען אזוי, דאמיט מיר זאלען אייך פערדרייהען די קעפּ! — נו אקסעל יעצט וועסטו מסתמא האבען מעהר פרייהייט, ווען בערטהא האט פערקויפט דאס בילד.
אקסעל: פערקויפט? איז דאס מעגליך?
אבעל: און דו ווייסט עס דען נישט? דאס קליינע בילד מיט'ן עפּעל בוים.
אקסעל: ניין דערפון האָט זי גאָרנישט געזאָגט. ווען איז דאָס געשעהן?
אבעל: פאָרגעסטערען! ווייסטו עס נישט? נא זי דיינקט דיך מסתמא צו איבעראשען מיט דעם געלד.
אקסעל: מיך? זי פיהרט אליין די קאסע!
אבעל: אזוי! דאן וועט עס — שטיל, זי קומט יעצט!
בערטהא: (קומט אריין, צו אבעל) אך גוטען־אבענד! דו ביסט נאָר דאָ! ווארום האסטו אונז איבערנעלאָזען?
אבעל: ס'איז מיר געוואָרען לאנגווייליג.

בערטהא: יאָ ס'איז נישט אנגענעהמען, מיט אנדערע זיך צו פרעהען.

אבעל: ניין!

בערטהא: דו זיצט דאָ, און מאָלסט אזוי פלייסיג אקסעל?

אקסעל: יאָ, איך זיין און מאָל.

בערטהא: מעג איך דאָס זעהן? דאָס איז זעהר שעהן, אָבער דער לינקער אָרם דאָ, איז צו לאַנג.

אקסעל: דענקסטו אזוי?

בערטהא: וואס הייסט, איך זעה דאָך דאָס! (זי נעמט ארויס דאס פּינזעל פון זיין האנד) לאָז מיר.

אקסעל: ניין לאָז אָב! שעמסט זיך גאָרנישט?

בערטהא: וואָס איז דען?

אקסעל: מעגסט זיך שעמען זאג איך (ער הויבט זיך אויף) ווילסטו מיר שוין פיליכט לערנען ווי צו מאָלען?

בערטהא: ווארום נישט?

אקסעל: ווייל דו דארפסט זיך לערנען פון מיר, אָבער איך פון דיר נישט.

בערטהא: מיר ווייזט זיך אויס אז דער הערר בעהאנדעלט נישט ערדעל זיין פרוי. און מען דארף אימערצו אין זינען האָבען דעם רעס־פעקט וואס מען איז שולדיג צום —

אבעל: יעצט ביסטו שוין אלטמאדיש! וואס פאר א ספעצ־יאַלע — אכטונג איז דען דער מאַן שולדיג דער פרוי, ווען זיי שטעהן ביידע אויף די זעלבע גלייכע שטופע?

בערטהא: אזוי, דענקסטו אז א מאַן דארף זיין פרוי גראָב בעהאנדלען?

אבעל: יאָ, ווען זי איז נעגען איהם אונפערשעהמט!

אקסעל: אזוי איז גוט! רייסט זיך איינע די אנדערע די אויגען אויס!

אבעל: ס'לוינט זיך נישט, די גאנצע געשיכטע איז נישט ווערט אן אויסגעבלאָזען איי.

אקסעל: זאָג דאָס נישט — הער נור בערטהא! אזוי ווי אונזער ווירטשאפט ווערט מעהר נישט נעפיהרט ווי עס בעדארף געפיהרט

ווערען, דאן וויל איך וויסען וואו מיר האלטען. זיי אזוי גוט, און גיעב מיר דאס הויז האלטונגס־בוך!

בערטהא: וואס פאר א נאבלע ראבע דו נעמסט דערפאר וואס דו ביסט צוריקגעוויזען געווארען!

אקסעל: וואס מיינסטו ראבע? וואס פאר א שייכות האט דאס הויז האלטונגס־בוך מיט מיין שלעכטען מזל אין זאלאן. גיעב מיר דעם סעקרעטער שליסעל!

בערטהא: (זוכט אין איהר קעשענע) זעהר גוט! — הם! דאס איז דאך זאנדערבאר! איך דיינק איך האב דאך איהם ערשט יעצט געהאט!

אקסעל: זוך איהם!

בערטהא: דו רעדסט אין אזא בעפעהלענדען טאן! איך האב דאס נישט ליעב!

אקסעל: איך וויל שוין האבען דעם שליסעל!

בערטהא: (זוכט ארום אין צימער) דאס איז דאך אונבעגרייפליך! — איך קען איהם נישט געפינען. איך האב איהם געמוזט פערלירען.

אקסעל: ביסטו זיכער אז דו האסט איהם נישט?

בערטהא: געוויס זיכער!

אקסעל: (קלינגעט, דאס הויז־מיידעל קומט אריין) געהט און ברענגט א שלאסער!

דאס הויז־מיידעל: א שלאסער!

אקסעל: א שלאסער, וואס זאל קענען עפענען א שלאס!

דאס הויז־מיידעל: (ווארפט צו א זייטיגען בליק צו בערטהאן) איך געה גלייך! (זי געהט אב).

אקסעל: (טהוט אויס זיין ראק און נעמט ארונטער דאס ארדען באנד און ווארפט עס אויפ'ן טיש) ענטשולדיגט מיינע דאמען!

בערטהא: (עדעל) דו דארפסט זיך פאר אונז נישט אזוי זשענירען! דו ווילסט געהן?

אקסעל: איך וויל געהן!

בערטהא: ווילסטו נישט בלייבען צו דער פערזאמלונג?

אקסעל: ניין, ווי דו זעהסט!

בערטהא: יא, זיי ווערען עס אבער האלטען זעהר אונהעפליך!

אקסעל: פון מיינטוועגען. איך האב מעהר וויכטיגערס צו טהון, ווי זיך צוצוהערען ווי פרויען פלאפלען.

בערטהא: (אונרוהיג) וואו דיינקסטו צו געהן?

אקסעל: איך דארף דיר קיין רעכענונג נישט אבגעבען. איך פרעג דיר אויך נישט וואו דו געהסט.

בערטהא: פערגעס נור נישט אז מיר האבען פאר מארגען אבענד איינגעלאדען געסט פאר'ן מאסקען-באלל.

אקסעל: געסט? יא, איך געדענק דאס. מארגען אבענד. הם!

בערטהא: אסטערמארק און קארל זענען היינט אנגעקומען, און איך האב זיי איינגעלאדען.

אקסעל: איז נאך בעסער.

בערטהא: און קום ניט א היים שפעט, אזוי אז דו זאלסט קענען אנמעסטען דיין באלל-אנצוג.

אקסעל: מיין אנצוג? אך יא, ס'איז אמת. איך דארף דאך שפיעלען די ראלע פון א פרויענצימער.

דאס הויז-מיידעל: (קומט צוריק) דער שלאסער האט קיין צייט נישט, ער וועט דא זיין אין איינינע שטונדען שפעטער.

אקסעל: ער האט קיין צייט נישט — אזוי — פיליייכט וועט זיך דער שליסעל געפינען. יעדענפאלס איך מוז יעצט געהן. אדיע!

בערטהא: (ווייך) אדיע! קום נישט שפעט א היים. (אבעל טרייסעלט מיט דעם קאפ אקסלען אדיע).

אקסעל: איך וויים נאך נישט, וואס איך וועל טהון, אדיע! (ער געהט אב).

אבעל: ווי נאריש דיין הערר האט זיך בענומען.

בערטהא: אזוי אונפערשעהמט, ווייסטו איך פיהל אז איך וואלט איהם געוואלט מאכען אזוי אז ער זאל קריכען פאר מיר.

אבעל: זאג מיר בערטהא: האסטו דעם נאר אמאל געליעבט?

בערטהא: איהם געליעבט? ער איז מיר נעפעלען וויל ער איז געוועזען ליעבענסווירדיג צו מיר. אבער ער איז זעהר א גרויסער נאר און — ווען ער וויל נאך שפיעלען די ראלע פון א בעל-הבית. פיהל איך אז איך וואלט איהם געקענט האסען. דיינק נור מען רעדט דאך שוין אז ער איז געוועזען דער מאלער פון מיין בילד.

אבעל: ווען עס האלט שוין אזוי ווייט מוזטו זעהן עפּעס צו טהון.

בערטהא: ווען איך זאל נור וויסען וואָס?

אבעל: איך פלעג אימערצו זיין ערפינדעריש. יאָ, לאָמיר נור זעהן! לאָז מאָרגען אבענד א היים ברענגען זיין צוריענגעוויזען ביכר. גראדע דאן ווען דיינע פריינד וועלען דאָ זיין פערזאמעלט.

בערטהא: ניין, דאס וואָלט אויסגעזעהן אז איך וויל צייגען אז איך בין די זיעגערען. דאָס איז צו גרויזאם.

אבעל: אָבער ווען איך זאָל דאס לאזען טהון! אדער גאנא, דאס וואלט געווען נאָך בעסער. ס'ועט דאָך א מאָל מוזען צוריקגע־שיקט ווערען, און ס'איז דאָך אויך נישט קיין געהיימניס אז ער איז צוריקגעוויזען געוואָרען.

בערטהא: ניין, אבער וייסטו. —

אבעל: וואָס? האט ער דען נישט פערשפּרייט די קלאנגען, און האָסטו דען נישט דאס רעכט זיך צו פערטיידיגען?

בערטהא: איך וואָלט שוין בעשטאנען, אבער איך אליין וויל מיט דער זאך גאָרנישט האָבען צו טהון. איך וויל אז איך זאָל דערנאָך קענען שטעהן און שווערען אז איך בין אונשולדיג.

אבעל: איך וועל שוין זעהן אז דו זאָלסט עס קענען!

בערטהא: וואס דיינקסטו האט ער געמיינט מיט'ן הויז האל־טוננס־בוך? ער האָט דאָס פרידער קיינמאָל נישט פערלאנגט! שטעקט פיליכט עפּעס אין דעם?

אבעל: גאָר אָהן צווייפעל. ער וויל אויסגעפינען, אויב דו האָסט די דריי הונדערט פראנק וועלכע דו האָסט בעקומען פאָר דיין בילד, פערשריבען מיט אלע איינאהמעס.

בערטהא: וואָס פאָר א בילד?

אבעל: וועלכעס דו האסט פערקויפט מאראם ראביה.

בערטהא: פון וואנען וייסטו דאָס?

אבעל: דאָס וייסט דאָך די גאנצע וועלט!

בערטהא: און אקסעל אויך?

אבעל: יאָ, איך האָב מיט איהם צופעליג גערעדט דערפון, וייל

איך האָב געגלויבט אז ער ווייסט דאָס. ס'איז געווען זעהר נאריש פון דיר וואָס דו האסט איהם באלד נישט דערציילט.

בערטהא: וואָס האט דאָס מיט איהם צו טהון ווען איך פער־קויף —

אבעל: א דאָך, אין געוויסע בעציהונג!

בערטהא: נא, דאַן וועל איך איהם זאגען, אז איך האָב איהם נישט געוואלט קריינקען, ווייל ער האָט שוין געהאט גענוג פערדרוס וואס מען האט איהם אין זאלאָן נישט אנגענומען.

אבעל: אין אמת'ן גערעדט האט ער גארנישט צו טהון מיט דיינע פערדיענסטען. אייער הייראט איז דאך א פרייער — בונד, און דאס איז גענוג אורזאכע אז דו ביזט נישט פערפליכטעט איהם אלעס צו דערציילען. שטעה אויף דיין אייגענעם באָדען, און ענטפער איהם שארף ווען ער וועט היינט ווידער אהיים קומען מיט זיין פּרעדיגען.

בערטהא: אָ, איך וויים שוין ווי זיך צו בעגעהן מיט איהם. אָבער — יעצט אַן אנדערע זאך, ווי זאלען מיר זיך האלטען צו די אסטערמארקישע געשיכטע?

אבעל: אסטערמארק. — יאָ, ער איז מיין גרעסטער שונא. איהם לאז בעסער איבער צו מיר! מיר ביידע האָבען נאָך אַן אלטען נישט בערעכענטען רעכענונג. זיי נור רוהיג! מיט איהם וועלען מיר שוין פארטיג ווערען, אין דער אנגעלעגענהייט האבען מיר דאס געזעץ אויף אונזער זייט.

בערטהא: וואס דיינקסטו צו טהון?

אבעל: מיר וועלען די פּארטייען קאנפראנטירען, ווי דאָס ווערט אנגערופען אין דער געריכטס־שפּראך.

בערטהא: וואס מיינט דאס?

אבעל: לאד איין פרוי האלל, און איהרע טעכטער, און דאן וועלען מיר זעהן ווי עס וועט איהם די געשיכטע שמעקען.

בערטהא: ניין, איך וויל נישט האבען קיין סקאנדאל אין מיין הויז.

אבעל: ווארום נישט? קענסטו דען אבלייקענען אז דאָס וועט זיין א זיעג. אין א מלחמה דארף מען דעם שונא נישט נור פערוואונדען, זאנדערען אויך טוידטען.

בערטהא: יאָ, אָבער א פאטער וועלכער האט זיין פרוי און זיינע טעכטער נישט געזעהן אכצעהן יאָהר.

אבעל: נו, וועט ער זיי שוין יעצט האבען א געלעגענהייט צו זעהן.

בערטהא: דו ביזט שרעקליך, אבעל!

אבעל: איך בין שטארקער ווי דו. דאָס פערהייראטע לעבען האט דיר גענוזט וויך מאכען! לעבט איהר טאקע ווי פערהייראטע לייט.

בערטהא: ווי נאריש דו ביזט!

אבעל: דו האסט אקסלען גערייצט. דו האסט איהם מיט די פיס געטרעטען, אבער גיעב אכטונג אז ער זאל דיר דיינע פיס נישט צו בייסען.

בערטהא: גלויבסטו אז ער וואלט וואגען מיר עפּעס צו טהון?

אבעל: איך גלויב אז ס'וועט זיך דאָ אבשפּיעלען א סצענע ווען ער וועט אהיים קומען.

בערטהא: אָ, איך וועל איהם שוין בערוהיגען!

אבעל: ווען דו זאָלסט נור קענען! — די געשיכטע מיט דעם סעקרעטער־שליסעל איז געווען זעהר נאריש — זעהר נאריש!

בערטהא: פילייכט איז דאס געווען נאריש, אָבער יעצט נאָך דעם ווי ער וועט זיך האבען אויסגעלופטערט, וועט ער זיין א ביסעל בעסער, איך קען איהם.

דאָס הויז־מיידעל: (קומט אריין מיט א פּעקעל) א מאַן האָט גע־בראכט דעם באלל־אנצוג פאר'ן הערר.

בערטהא: זעהר גוט: גיעב איהם אהער! דאס איז שעהן!

דאס הויז־מיידעל: אָבער זיי זענען דאך פאר א מאדאם, ס'איז דאָך פרויען קליידער.

בערטהא: ניין ס'איז גאנץ גוט, דאס איז פאר דעם הערר!

דאס הויז־מיידעל: אך גאט וועט דען דער הערר טראגען פרויען קליידער?

בערטהא: ווארום נישט, ווארום טראגען מיר זיי? אָבער דו קענסט שוין געהן.

(דאס הויז־מיידעל געהט אָפּ).

בערטהא: (זי בינדט אויף דאס פעקעל און נעמט ארויס אַ שפּאנישען פרויען־אנצוג).

אבעל: יאָ דאָס איז אַ שעהנער איינפאל, אַך ס'איז שעהן צו זעהן ווען איינער מאכט זיך נאריש.

(ווילמער קומט אריין. אונטער איהם אַ פּאַקען־טרעגער וועלכער טראגט אַ פעקעל. ווילמער איז געקליידעט אין אַ שווארצען פראק מיט ווייסע לאצען, אַ בילד אין לאַץ. קניה־הויזען. אַ רויטען האלז־טוך און געפעלטעטע מאנשעטען).

ווילמער: גוטען אבענד, איהר זייט אליין? דאָ זענען די ליכט. דאָ זענען די פלעשער וויין צוויי פעקלעך טאבאק, און דאָ דאָס איבריגע.

בערטהא: יעצט ביזטו ווידער אַ פיינער מאן, גאנא!

ווילמער: און דאָ האסטו די רעכנונג וויפיעל אלעס האט געקאסט.

בערטהא: שוין בעצאהלט, דו האסט ווידער אויסגעליינט?

ווילמער: נא, מיר וועלען נאָך האבען צייט זיך שפּעטער אויס־צורעכענען, זעהט טהוט זיך אביסעל אַ ריהר, די אלטע דאמע וועט דאָ באלד זיין.

בערטהא: דאן זיי אזוי גוט און עפען די פלעשער, און איך וועל וועהרענד דער צייט אויסשטעקען די ליכט.

ווילמער: מיט'ן גרעסטען פערגעניגען!

(בערטהא עפענט ביי'ם טיש אַ פעקעל ליכט, ווילמער שטעהט נעבען איהר און וויקעלט אויס די פלעשער).

אבעל: דאס זעהט אויס זעהר פאמיליאר, דו וואלסט געוועזען זעהר אַ גוטער פאמיליען־מאן. גאנא!

(ווילמער לעגט זיין אָרם ארום בערטהא'ס האלז, און קושט איהר אויפ'ן נאקען).

בערטהא: (דרעהט זיך אום און גיעט איהם אַ פּאַטש) דו שעמסט זיך נארנישט! דו געמיינער מענש! וואס פאר אַ פרעכהייטען ערלויבסט דו זיך?

אבעל: אויב דו קענסט דאס פערטראגען גאנא, ביסט דו דאס ווערט.

ווילמער: (צאָרנדיג) געמיינער מענש? ווייסטו דען גישט ווער

איך בין? ווייסטו דען נישט אז איך בין א בעריהמטער שרייבער?

בערטהא: דו מיט דיינע שמירירייען!

וויללמער: ס'איז נישט געווען קיין שמירירייען!,.ווען איך האב פאר אייך געשריעבען.

בערטהא: דו האסט אויפגעשריעבען דאס וואס מיר האבען גערעדט, דאס אלעס.

וויללמער: היט זיך בערטהא דו ווייסט אז איך קען דיר רואינירען.

בערטהא: אזוי דו סטראשעסט קליינער הונד, זאלען מיר פילייכט נעמען דעם יונג און ארויסווארפען אבעל?

אבעל: בערטהא נעדענק וואס דו זאגסט!

וויללמער: אזוי, איך בין אלזא אייער קליינער הונד געווען וועלכער האט זיך געשפיעלט אויף אייער קלייד, אבער געדענקט איך קען אויך בייסען.

בערטהא: קען איך זעהן דיינע צייהנער?

וויללמער: דו וועסט זיי שוין פיהלען, פערלאז זיך אויף מיר!

בערטהא: אזוי! קום נור! לאמיר נור זעהן! קום!

אבעל: אבער בערוהיגט אייך, זעהט, איהר זאלט נאכהער נישט בערייהען!

וויללמער: ווייסטו וואס מען קען זאגען אויף א פערהייראטע פרוי וועלכע נעמט געשאנקען פון א יונגען מאן?

בערטהא: געשאנקען?

וויללמער: זייט צוויי יאהר האלסטו ביי מיר אין נעמען געשאנקען.

בערטהא: געשאנקען?ווארט איך וועל דיר שוין צייגען, דו נעמיינער מענש. ביזט אימערצו ארומגעהאנגען ארום מיין אונטער־ראק. דענקסטו אז איך קען מיט דיר נישט פארטיג ווערען?

וויללמער: (צוקט מיט זיינע אקסלען) יא, פילייכט קען דאס מעגליך זיין.

בערטהא: דו וואגסט צו בעשמוצען די עהרע פון א פרוי.

וויללמער: עהרע! הם! איז דאס דיין עהרע וואס דו האסט

מיר געלאזט איינקויפען א מאסע זאכען און האסט דאס פערשריעבען אויף דיין מאנס רעכנונג?

בערטהא: ארויס פון מיין הויז, דו שורקע!

וויללמער: מיט קאמעראדען רעכענט מען זיך נישט אזוי גענוי, אָבער מיט שונאים יעדעס ברעקעלע. מיט דיר וועל איך זיך נאך אָבּ־רעכענען — ביטער אברעכענען, פערלאז זיך אויף מיר! (ער געהט אָב).

אבעל: דו וועסט אונטערגעהן דורך דיינע נארישקייטען

בערטהא! אוועקצולאָזען פון זיך א פריינד אלס א שונא, איז זעהר געפערליך!

בערטהא: זאָל ער נור קומען! ער וואגט מיך צו קושען! ער וואָגט מיך צו דערמאנען אז איך בין א פרוי.

אבעל: ווייסטו איך גלויב אז א מאן וועט דאס אימערצו האבען אין זינען! דו האסט זיך געשפיעלט מיט פייער.

בערטהא: מיט פייער! קען מען דען געפינען א מאן און א פרוי, וועלכע זאלען קענען לעבען ווי קאמעראדען און ס'זאל דערינען קיין פייער נישט זיין?

אבעל: ניין אזוי לאנג ווי עס וועט עקזיסטירען צוויי געשלעכטער, וועט אימערצו צווישען זיי אויסברעכען פייערען.

בערטהא: יאָ — אָבער דאָס מוז אַנדערש ווערען!

אבעל: יאָ, — עס מוז — פּרוביר דאס!

דאס הויז־מיידעל: (קומט אריין. האלט זיך קוים איין נישט ארוויסצור־פלאצען אין אַ געלעכטער) דרויסען שטעהט א פרוי — וועלכע רופט זיך ריכארד — ריכארד — וואהלשטעעם!

בערטהא: (געהט צו, צום טהיר) אָ, די ריכארד איז דא!

אבעל: נא, אויב אזוי קענען מיר שוין עפענען די פערזאמלונג! — און יעצט וועט זיך ארויסצייגען, אויב מיר קענען דיין נעץ פערשפרייטען!

בערטהא: פערשפרייטען אדער איבערשניידען.

אבעל: אדער אליין. אין איהר אריינפאלע

(פאָרהאַנג).



## דריטער אקט.

(די זעלבע דעקאראציאן. דער ענגעל־לאמפ איז אנגעצונדען. די לבנה שיינט אריין און באלייכט דאס פענסטער פונ'ם אטיליער. אין קאמין ברענט א פייער. בערטהא טראגט א מארגען־קלייד מיט שפיצען. זי נעהט עפּעס אויף דעם שפּאנישען פרויען־קאסטום. דאס מיידעל שניידט אויס א האלז־קרייזעל).

בערטהא: ס'איז נישט אזוי אנגענעהם צו זיצען און ווארטען פאר א מאן.

דאס הויז־מיידעל: גלויבט איהר מאדאם, אז דער הערר פיהלט יא אנגענעהם ווען ער דארף זיצען און ווארטען פאר דער מאדאם? דאס איז דאך היינט דאס ערשטע מאל וואס ער אליין איז אוים —

בערטהא: נא, וואס טהוט ער דען ווען ער איז אליין אין הויז?

דאס הויז־מיידעל: ער מאלט אויף שטיקליך האלץ.

בערטהא: אויף האלץ קלעצליך?

דאס הויז־מיידעל: יא, ער האט נאנצע הויפענס האלץ אויף וועלכע ער מאלט.

בערטהא: הם! זאג מיר נור אידא האט דער הערר זיך צו דיר קיינמאל נישט געטשעפעט?

דאס הויז־מיידעל: ניין קיין מאל נישט! ער איז אן אנשטענדיגער מענש!

בערטהא: ביסטו זיכער?

דאס הויז־מיידעל: גלויבט די מאדאם, אז איך בין פון די וועלכע —

בערטהא: וויפיעל איז דער זייגער?

דאס הויז־מיידעל: ס'מוז שוין זיין באלד צוועלף.

בערטהא: גוט, אויב אזוי קענסטו שוין געהן שלאפען.

דאס הויז־מיידעל: וועט איהר נישט מורא האבען צו זיין דא איינע אליין צווישען די סקעלעטען?

בערטהא: איך, מורא? — שטיל, עמיצער האט אויפגעמאכט דאס הויז טהירעל. א גוטע נאכט אידא.

דאָס הויז־מיידעל: אַ גוטע נאַכט מאדאם, שלאָפט געזונד־ (געהט אָפּ).

(בערטהא אליין. לעגט אוועק איהר ארבייט ווארפט זיך אויף דער סאָפע. מאכט זיך צורעכט די שפּיצען פון איהר מארגען־קלייד. דאן שפּרינגט זי אויף, דרייט האלב אריין דעם לאָמפּ, דאַן לייגט זי זיך צוריק אויף דער סאָפע און מאכט זיך ווי זי וואָלט שלאפען. אַ פּויזע).

אקסעל: (קומט אריין) איז עמיצער דאָ? ביזט דו דאָ בערטהא?

(בערטהא שווייגט. אקסעל געהט צו, צו איהר) דו שלאָפסט?

בערטהא: אַך! ביסטו עס מיין פריינד! גוטען־אבענד! איך בין דאָ געלעגען און האָב איינגעדרעמעלט, און האָב געהאט אזעלכע שלעכטע חלומות —

אקסעל: דאס זאגסטו אַ ליגען, ווייל איך האב געזעהן דורכ'ן הויף־פענסטער ווי דו האסט זיך געווארפען אויף דער סאפע און האסט זיך געמאכט ווי דו שלאפסט.

בערטהא: (שפּרינגט אויף).

אקסעל: (רוהיג) מאך קיין פערפיהרייטע סצענען אין נאכט־קלייד, אָהן מעלאָדראמעס! זיי פערנינפטיג און הער אויס וואס איך האב דיר צו זאגען! (ער זעצט זיך אויף אַ שטוהל אין מיטען פון צימער).

בערטהא: וואס האסטו צו זאגען?

אקסעל: כ'האב זעהר אַ סך צו זאגען! אבער איך וועל אָנ־פאנגען מיט דעם שלוס: מיר מוזען מאכען אַ סוף צו אזאַ ארט לעבען.

בערטהא: וואס? (זי ווארפט זיך אויף דער סאפע) אַ גאט וואס איך האב נאך בעדארפט דערלעבען!

אקסעל: זיי אזוי גוט, קיין היסטעריע. אז נישט וועל איך אויס־ניסען דאס פלעשעל וואסער אויף דיינע שפּיצען.

בערטהא: דאס נעמסטו נקמה ווייל איך האב דיך בעזיעגט אין אַ פרייען וועט־קאמפף.

אקסעל: דאס יעצטיגע האט דערמיט גאר קיין צוזאמענהאנג.

בערטהא: דו האסט מיך קיינמאל נישט געליעבט!

אקסעל: יא, איך האב דיך געליעבט, דאס איז געווען די איינציגע אורזאכע ווארום איך האב מיט דיר געהייראט, אבער ווארום

האסטו זיך מיט מיר פערהייראט? ווייל דו האסט זיך געפונען אין שלעכטע אומשטענדען, און ווייל דו האסט געהאט די בלויזוכט!

בערטהא: ס'איז א גליק וואס קיינער הערט אונז נישט.

אקסעל: ס'וואלט גאר קיין אומגליק נישט געווען, ווען עמיצער זאל דאס הערען. איך האב דיר בעהאנדעלט ווי א קאמעראד. מיט אן אונבעגרענצטען צוטרויען, און האב זאגאר פאר דיר מאנכע קליינע אפפער געבראכט, וועלכע דו ווייסט גאנץ גוט — אבער זאג, איז דער שלאסער דא געווען?

בערטהא: ניין ער איז נישט געקומען.

אקסעל: ער איז שוין אויך מעהר נישט נויטהיג — איך האב דיינע רעכענונגען געזעהן.

בערטהא: אזוי דו האסט אלזא אויסגעשפיאנירט מיינע ביכער?

אקסעל: דאס ווירטשאפטס־בוך איז געמיינזאם, דו האסט פאלשע אויסגאבען איינגעשריבען און איננאמען נישט פערשריבען.

בערטהא: ס'קען זיין, איך האב אין דער שולע קיין בוכהאלטונג נישט געלערענט.

אקסעל: איך אויך נישט. און וואס אנבעטרעפט די ערציהונג, האסטו א פיעל בעסרע געקראגען ווי איך. דו ביסט געגאנגען אין סעמינאר און איך האב נישט מעהר ווי בעזוכט א פאלקס־שולע.

בערטהא: ס'איז נישט די ביכער, וועלכע ערציהען א מענשען —

אקסעל: ניין, די עלטערען! אבער ס'איז מאדנע, די עלטערען קענען נישט לערנען זייערע טעכטער צו זיין עהרליך.

בערטהא: צו זיין עהרליך! איך גלויב אז די מעהרסטע פער־ברעכערס געפינט מען דאך צווישען די מענער?

אקסעל: די מעהרסטע בעשטראפטע, ווילסטו זאגען. — אבער — לאמיר זיך צוריק אומקעהרען צו דיר. דו האסט די גאנצע צייט געזאגט ליגען, און אם ענדע האסטו מיך נאך אויך בעטראגען. ביי דיר שטעהט פערשריבען צוואנציג פראנק פארב, און עס בעדארף גאר שטעהן פער־שריבען — צוואנציג פראנק פרישטיק וואס דו האסט געגעסען ביי מארגועריה.

בערטהא: דאס איז נישט אמת, דער פרישטיק האט נור גע־קאסט צוועלף פראנק.

אקסעל: דאָס הייסט אַז די איבריגע אַכט האָסטו אַרונטערגע־לאָזען אין קעשענ׳ע? אין דאַן האָסטו געקראַגען דריי הונדערט פראַנק פאַר דיין בילד וועלכע דו האָסט נישט פערשריבען.

בערטהא: „וואס א פרוי פערדיענט דורך איהר אייגענע ארבייט, אויף דעם האָט זי אליין דאס רעכט״, אזוי שטעהט געשריבען אין אונזער געזעץ.

אקסעל: איז דאָס אַלזאָ קיין פאראדאָקסען נישט געוועזען? קיין מאַנאָמאַניע?

בערטהא: ניין, עס צייגט אויס אַז נישט!

אקסעל: נאַטירליך מיר דארפען נישט זיין קליינליך. דו האָסט קאָנטראָלירט דיינע פערדיענסטען, און האסט אויסער דעם אויך קאָנטראָלירט מיינע אין אַן אונפעראַנטוואָרטליכע וויזע. גלויבסט דו נישט, דאָס אַלס קאַמעראַדען האָסטו מיר געוועזען אויך בעדאַרפט דערציילען אַז דו האָסט פערקויפט דאס בילד?

בערטהא: דאָס האָט נישט געהאַט צו טהון מיט דיר.

אקסעל: דאס האָט נישט געהאט צו טהון מיט מיר! נו, דאַן בלייבט עס מעהר נישט איבער פאר מיר, ווי נאכצוזעהן ווי מיר קענען זיך שיידען.

בערטהא: שיידען! גלויבסטו אז איך וועל וועלען ליידען די שאנדע, צו זיין א גע׳גט׳ע פרוי? גלויבסטו אז איך וועל זיך לאזען ארויסיאגען פון מיין הויז, ווי א דיענסט־מיידעל וועלכע ווערט ארויס־געיאגט מיט׳ן קופערט!

אקסעל: ווען איך זאל וועלען קען איך דיך ארויסיאגען אויף דער גאַס, אבער איך וועל האנדלען מעהר מענשליכער, איך וויל אנגעבען די שיידונג אויפ׳ן גרונד פון אונאייניגקייט, אז מיר קענעןביידע צוזאמען נישט שטימען.

בערטהא: ווען דו קענסט אזוי רעדען האסטו מיר קיינמאָל נישט געליעבט.

אקסעל. זאג מיר נור: ווארום האב איך געבעטען דיין האנד?

בערטהא: ווייל דו האסט געוואלט איך זאל דיר ליעבען.

אקסעל: אַ היילינגע, ריינע, ערהאבענע דומהייט! איך קען דיך פערקלאָגען פאר פעלשונג, ווייל דו האסט געמאכט שולדען ביי

ווילמער'ן און האסט מיך געמאכט פעראנטווארטליך פאר דאס געלד.

בערטהא: אך, דאס חיה'לע איז אלזא דא געוועז!

אקסעל: איך האב איהם ערשט יעצט פערלאזען, נאכדעם ווי איך האב איהם בעצאהלט דריי הונדערט און פופציג פראנק, וועלכע דו ביזט איהם שולדיג געוועז. אבער מיר דארפען זיך נישט האלטען קליינליך, וועגען געלט אנגעלעגענהייטען. מיר האבען נאך פיעל מעהר וויכטיגערס צו רעדען. דו האסט דעם שופט געלאזט מאנכע מאל בעצאהלען די אויסגאבען פונ'ם הויז, און האסט דורך דעם רואינירט אין גאנצען מיין נאמען. וואס האסטו געמאכט מיט דעם געלד?

בערטהא: די גאנצע געשיכטע איז א ליגען.

אקסעל: האסט ארויסגעווארפען דאס געלד דורך'ן פענסטער?

בערטהא: ניין, איך האב עס געשפארט. און דאס אין א זאך וואס דו פערשווענדער קענסט נישט!

אקסעל: אך דו שפארזאמע זעעלע! דיין מארגען־קלייד קאסט צוויי הונדערט פראנק, און מיין שלאף־ראק פינף און צוואנציג.

בערטהא: האסטו נאך מעהר צו זאגען?

אקסעל: מעהר גארנישט, אויסער דעם אז דו זאלסט וויסען אז אין דער צוקונפט וועסטו זיך דארפען אליין פערזארגען. איך מיין פון יעצט אן. איך וועל מעהר נישט צייכענען אויף האלץ־קלעצליך און דו זאלסט לעבען א גוטען טאג פון מיין פערדיענסט.

בערטהא: א־הא, דו מיינסט אז דו וועסט זיך אזוי לייכט קענען אבטרייסלען פון די פערפליכטונגען, וועלכע דו האסט אויף זיך גענומען, ווען דו האסט מיר פערנארט צו ווערען דיין פרוי? אבער דאס וועלען מיר נאך זעהן.

אקסעל: יעצט ווען מייגע אויגען האבען זיך מיר געעפענט זעה איך די פערגאנגענהייט אין אן אנדער פארב. ס'קומט מיר כמעט פאר, ווי דו וואלסט מיך פער'כשופ'ט דיר צו ליעבען. און אז איך בין געוועזן דער קרבן דערפון וואס איהר פרויען רופט אן פערפיהרונג: מיר ווייזט זיך יעצט אויס, ווי איך וואלט אריינגעפאלען אין די הענט פון א רויבערין. וועלכע האט פון מיר אוועקגערויבט מיין געלט אין האטעל־גארני! ס'ציינט מיר כמעט אויס, אז איך האב געלעבט אין שמוץ

זינד איך האָב זיך מיט דיר פערבונדען! (ער שטעהט אויף) און יעצט, ווען דו שטעהסט אזוי מיט דעם רוקען צו מיר, און איך קען זעהן דיין האלז מיט דיינע קורץ-געשווירענע האָאר. זעהט עס אויס — יאָ — זעהט עס אקוראט אויס, ווי בּרר! — ווי דו וואָלסט געווען יהודית, און שענקסט מיר דיין קערפּער אום מיין קאָפּ ארונטערצושניידען. זעה דאָ ליעגט די קליידער, וועלכע איך האָב געזאָלט טראָגען, און מיט וועלכע דו האָסט געדענקט מיך צו ערנידריגען. איך וויים אז דו האָסט מיט אַ ביוון פּאר מיר פערזאָרגט דעם ווייבּליכען קאָסטיום כדי מיך צו ערנידריגען. דו ווילסט מיט דיזע ווייבּליכע קליידונגס-פאלבען מיין איך פערקלענערען, אָבער ניין דאָס זאָל נישט געשעהן! איך גיעב דיר צוריק דיין לוין מיט וועלכע דו ווילסט פּערניטיגען מיין ליעבע, דאָ האָסטו צוריק דיין פאַלשען ליעבעס-רינג, איך רייס די קייטען איך רייס די פּענטעס יעצט פון זיך אראָב! (ער וואַרפט טרויעריג אוועק דעם רינג).

בערטהא: (קוקט איהם פערוואונדערט אָן).

אקסעל: (ער גלעט זיינע האָאר אַרויף) דו האָסט נישט געוואָלט ווערען אז איך האָב אַ העבערען שטערען פון דיינעם, האָב איך איהם געמוזט פערדעקען מיט מיינע האָאר, אום דיך נישט צו ערנידריגען. ווען דו אָבער ביזט נישט געווען צופריעדען צו זיין מיין גלייכען, ווען איך האָב זיך צו דיר ארונטערגעלאָזען, דאַן זיי נידריגער פון מיר, וועלכעס דו ביזט.

בערטהא: דאָס אַלעס, דיזע גאַנץ עדעלע ראַכע איז נור דערפאַר ווייל דו ביזט געווען נידריגער פון מיר!

אקסעל: יאָ איך בין געווען נידריגער פון דיר זאָגאר דאַן, ווען איך האָב געמאַכען דיין בּילד!

בערטהא: דו האָסט געמאָלען מיין בּילד? זאָג עס נאָך אמאָל און איך צופּאַטש דיר דיין מאָרדע.

אקסעל: איהר וועלכע פעראכטעט די רויהע קראפט, זענט אימערצו די ערשטע זיך צו בענוצען מיט איהר, לאָמיר נור זעהן פּאַטש.

בערטהא: גלויבּסטו אז איך קען דאס נישט? (געהט צו, צו איהם).

אקסעל : (כאפט אָן, איהרע בײדע הענד מיט איין האנד) נײן, איך גלויב אז דו קענסט דאָס נישט. נו יעצט ביסטו איבערציינט אז איך בין פיזיש העכער פון דיר ! ביינ זיך אָדער דו ווערסט צובראָכען !

בערטהא : דו װאנסט מיך צו שלאָגען ?

אקסעל : ווארום נישט ? אבער איין אורזאכע האלט מיך צוריק דיך נישט צו שלאָגען.

בערטהא : וואָס פאַר אַ אורזאכע ?

אקסעל : ווייל דו ביסט נישט פעראנטווארטליך.

בערטהא : (זוכט זיך לויז צו מאכען) אַך לאָז מיך !

אקסעל : ווען דו וועסט בעטען אום פערצייהונג ! אזוי, אויף די קניע מיט דיר ! (ער צווינגט איהר מיט איין האנד זיך צו בייגען) יעצט קוק ארויף צו מיר פון אונטען ! דאס איז דיין פלאַץ וועלכען דו אליין האסט אויסערוועהלט פאר דיר.

בערטהא : אקסעל ! אקסעל ! איך דערקען דיך מעהר נישט ! ביסטו דער זעלבער, וועלכער האט געשווארען מיך צו ליעבען, וועלכער האָט פערשפראָכען מיך צו דערהויבען ?

אקסעל : דער בין איך ! איך בין דאמאלס געווען שטארק, און געגלויבט אז איך בעזיץ די קראפט דאס צו טהון. אָבער דו האסט מיינע שטארקע האאר אויסגעשניטען. ווערענד מיין מיעדער קאָפּ איז געלעגען אויף דיין שויס. דו האסט אויסגעזויגען מיין בעסטע בלוט אין דער צייט ווען איך בין געשלאָפען. — און דאך איז מיר געבליבען גענוג דיך ארונטערצונידערען אָבער שטעה אויף און זאל נעהמען אַ סוף מיט דער קאמעדיע, מיר האבען נאָך צו רעדען !

בערטהא : (שטעהט אויף זעצט זיך אויף דער סאפע און וויינט).

אקסעל : ווארום וויינסטו ?

בערטהא : איך וויים נישט, פילייכט ווייל איך בין שוואך.

אקסעל : דו זעהסט, איך בין געווען דיין שטארקייט ! און ווען איך האב צוריקגענומען דאָס וואס ס'איז מיינס, איז דיר נארנישט געבליבען. דו ביזט געווען ווי אַ גומעל־פילקע, וועלכען איך האב אָנגע־בלאזען, און ווען איך האב דיר אבגעלאזען, ביסטו צוזאמען געפאלען ווי אַ ליידיגע־בייטעל.

בערטהא : (נישט ארויפקוקענדיג) איך וויים נישט אויב דאס איז

אמת אדער נישט. אבער זינט מיר האבען זיך געקריגט האט מיך מיין קראפט פערלאזען. אקסעל ווילסטו מיר גלויבען, אז איך האב נאך קיין מאל נישט געפיהלט, דאס וואס איך פיהל יעצט!

אקסעל: אזוי, וואס פיהלסטו דען יעצט?

בערטהא: דאס קען איך נישט זאגען! איך ווייס נישט אויב דאס איז די — ליעבע.

אקסעל: וואס פערשטעהסטו אונטער ליעבע? איז דאס נישט ווי א שטיללע בענקשאפט וועלכע וויל מיך אויפפרעסען? דו פאנגסט אן צו ליעבען! וואו ביסטו געווען מיט דיין ליעבע פריהער, ווען איך בין צו דיר גוט געווען? גוטסקייט איז א נארישקייט. דערפאר לאמיר בעסער זיין שלעכט! נישט וואהר?

בערטהא: יא, זיי אביסעל שלעכט, אבער נישט שוואך, (זי שטערט אויף) אקסעל פערצייהע מיר. אבער פערלאז מיך נישט. ליעב מיך. אה ליעב מיך!

אקסעל: עס איז צו שפעט! נעכטען, נאך היינט אין דער פריה, וואלט איך פאר דיר געפאלען, אזוי ווי דו שטעהסט דא, אבער יעצט איז שוין צו שפעט!

בערטהא: ווארום איז יעצט צו שפעט?

אקסעל: ווייל איך האב היינט אבענד יעדער קייט ביז די לעצטע צוריסען.

בערטהא: (כאפט אן זיין האנד) וואס מיינסטו דערמיט?

אקסעל: איך בין דיר אונטריי געווארען!

בערטהא: (פרעכט צוזאמען) אה!

אקסעל: דאס איז געווען דער איינציגער וועג, זיך צו קענען בעפרייען פון דיר.

בערטהא: (קומענדיג צו זיך) ווער איז זי געווען?

אקסעל: א פרוי — — (פויזע).

בערטהא: ווי האט זי אויסגעזעהן?

אקסעל: ווי א פרוי! מיט לאנגע האר, הויכע ברוסטען, און אזוי ווייטער.

בערטהא: גלויבסטו אז איך בין אייפערזיכטיג אויף — אויף איינע אזעלכע —

אקסעל: איינע אזעלכע! צוויי אזעלכע, פיעלע אזעלכע!

בערטהא: (שווער אטהימדיג) און אויף מארגען זענען איינגעלאדען אונזערע פריינד, ווילסטו אנמאכען א סקאנדאל, און די איינלאדונג צוריקרופען?

אקסעל: ניין איך וויל נישט זיין אזוי נידריג אין מיין ראכע! מארגען האבען מיר געזעלשאפט און איבערמארגען שיידען זיך אונזערע וועגען.

בערטהא: יא, יעצט מוזען זיך אונזערע וועגען שיידען! א גוטע נאכט! (זי געהט צו דער טהיר רעכטס).

אקסעל: א גוטע נאכט! (ער געהט צו די טהיר לינקס).

בערטהא: (בלייבט שטעהן) אקסעל!

אקסעל: וואס?

בערטהא: נארנישט! — יא ווארט!

(זי געהט מיט צוזאמען געלייגטע הענד איהם אנטקעגען) ליעב מיך אקסעל! ליעב מיך!

אקסעל: ווילסטו זיך טהיילען מיט אן אנדערע? (פויזע).

בערטהא: יא! נאר ליעב מיך!

אקסעל: ניין, דאס קען איך נישט. דו קענסט מיך מעהר נישט צוציהען, ווי דו האסט עס א מאל געקענט!

בערטהא: ליעב מיך, זיי בארימהערציג! איך גלויב, איך בין יעצט אויפריכטיג, ווען נישט וואלט איך זיך נישט אזוי ערנידריגט פאר א מאן, ווי איך טהו עס יעצט.

אקסעל: אפילו ווען איך וואלט מיט דיר מיטלייד געהאט, וואלט איך שוין אויך מעהר נישט געקענט ארויסרופען די ליעבע צו דיר. אלעס איז געענדיגט. זי איז טוידט.

בערטהא: איך בעטעל א מאנס ליעבע, איך א פרוי, און ער שטויסט מיך פון זיך.

אקסעל: ווארום נישט! מיר קענען דאך אויך א מאל בעקומען דאס רעכט צו זאגען ניין, אבוואהל מיר האבען נישט אזא נאטור.

בערטהא: א פרוי באט זיך אן צו א מאן און ווערט צוריקגעוויזען!

אקסעל: פיהל יעצט וואס פיעלע מיליאנען האבען געפיהלט, ווען זיי האבען געבעטען אויף זייערע קניען די גנאדע, צו געבען דאס,

וואס אנדערע נעהמען. פיהל עס פאר דיין נאנצען נעשלעכט, און זאָג זיי ווי דו האסט געפיהלט!

בערטהא: (הויבט זיך אויף) א גוטע נאכט! אלזא אויף איבער־מארגען!

אקסעל: און דו ווילסט נאך מארגען האבען דאס פעסט?

בערטהא: יא איך וויל מארגען האבען דאס פעסט.

אקסעל: גוט! אלזאָ — איבערמאָרגען!

(זיי געהן ביידע אָב, יעדער אין זיין זייט רעכטס און לינקס).

(פאָרהאַנג).



# פיערמער אקט.

(די זעלבע דעקאראציאן. אבער די גלזערנע־טהירען שטעהן אפען. די זון שיינט אריין פון דרויסען און בעשיינט ליכטיג דאס אטיליער. די זייטען טהירען שטעהען אָפען, אין גאָרטען זעהט זיך אַ בופעט מיט גלעזער און פלעשער. אקסעל ערשיינט גע־קליידעט אין אַ שווארצען פראק אהן אַ ארדען, מיט אַ הויך שטעהענדען קראגען און אַ לאנגען קרייוואט, די האָר ארויפגעקאמט. בערטהא טראגט דונקלע קליידער, פיער־עקיג אויסגעשניטען מיט אַ האלז־קרייזעל, און אַ בלום אויפ'ן לינקען שולטער. קארל שטארק ציוויל געקליידעט מיט'ן ארדען. דיביידע פרייליגס האָלל זענען פערשווענדעריש און קאסטבאר געקליידעט. בערטהא קומט אריין פון גאָרטען, זי איז בלייך, בלוי ארום די אויגען. אבעל קומט אריין דורך די הינטער־גרונד טהיר. זיי אומארעמען זיך און קושען איינס דאס צווייטע).

בערטהא: גוטען־טאג! און ווילקאמען! דו ביזט אבער צו שפּעט נעקומען.

אבעל: גוטען־טאָג!

בערטהא: און גאגא, האט דיר צוגעזאגט צו קומען?

אבעל: גאנץ בעשטימט. ער איז געווען פול מיט חרטה, און ס'האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט געבעטען פערצייהונג. אבער וואס איז מיט דיר היינט? האט עפּעס פּאסירט מיט דיר?

בערטהא: וואס דען? וואס?

אבעל: דו זעהסט היינט נישט אויס ווי אלע מאל! דו האסט — בערטהא? דו האסט —

בערטהא: אך רעד נישט!

אבעל: דיינע אויגען גלאנצען! וואס? איז עס מעגליך —? אין ווי בלאס דו ביסט!

בערטהא: איך מוז ארויסגעהן צו מיינע געסט.

אבעל: זאג מיר איז קארל און אסטערמארק דאָ?

בערטהא: זיי זענען ביידע אין גאָרטען.

אבעל: און פרוי האלל מיט די מיידלאך?

בערטהא: פרוי האָל וועט קומען שפּעטער, אבער די מיידלאך זענען שוין אין מיין צימער.

אבעל: איך האב מורא אז פון אונזער גאנצען פּלאן זאל זיך גארנישט אויסלאזען.

בערטהא: ניין, דער יעצטיגער וועט אונז געלינגען.

וויללמער: (קומט אריין, האלט אַ בוקעט בלומען אין האנד, געהט צו, צו בערטהאן, קושט איהר האנד, און דערלאנגט איהר דעם בוקעט בלומען) פּערגיב מיר! צוליעב מיין ליעבע!

בערטהא: ניין, נישט דערפאר, אבער — ס'מאכט נישט. איך ווייס נישט ווארום, אבער איך וויל היינט נישט האבען קיין שונאים.

(אקסעל קומט אריין, בערטהא און וויללמער בלייבען שטעהן פערלעגען).

אקסעל: (געהט צו, צו בערטהא'ן, נישט בעמערקענדיג וויללמער'ן) פּערציייה — אויב איך שטער —

בערטהא: דורכאויס נישט!

אקסעל: איך וויל נור פרעגען, צו דו האסט בעשטעלט דעם אבענד־מאָהלצייט?

בערטהא: געוויס. ווי דו האסט פערלאנגט!

אקסעל: איך האב עס נור געוואלט וויסען! (פּויזע) ווי פרעהליך איהר זעהט בײדע אויס! (בערטהא און אקסעל זענען שטיל, וויללמער ברעכט די שטילקייט, ער געהט אַרויס אין גאָרטען).

אבעל: איין מינוט נאנא! (זי געהט שנעל אָב).

אקסעל: וואס האסטו בעשטעלט פאר'ן אבענד־מאָהלצייט?

בערטהא: (קוקט אויף איהם און לאכט) ראקעס און יונגע־היהנער.

אקסעל: (אונזיכער) פון וואס לאכסטו?

בערטהא: פון דיינע געדאנקען.

אקסעל: וואס דענק איך דען?

בערטהא: דו דענקסט פון — אך ניין, איך ווייס נישט — סיידען דו דענקסט פונ'ם ערשטען מאָהלצייט וואס מיר האבען געהאט אלס חתן כלה איז שטאקהאלמיר גאָרטען, אין יענעם פריהלינג ווען מיר זענען פערלאבט געווארען —

אקסעל: אך!

בערטהא: און יעצט אקסעל — איז עס דאס לעצטע, לעצטע מאָל. ס'איז געווען אַ קורצער זומער!

אקסעל: זעהר קורץ, אבער די זון וועט זיך נאך צוריקקעהרען.

בערטהא: יאָ, פאר דיר, וועלכער קען געפינען זונען, זונען־שטראַלען אין יעדער זאך.

אקסעל: וואס שטערט דיר זיך צו־וואָרעמען ביי דעם זעלבען פייער?

בערטהא: הייסט דאס אז מיר וועלען זיך נאך פיליכט אַ מאָל טרעפען, ביי דעם שיין פון דער לאַנטערנע?

אקסעל: דאס מיין איך נישט — אבער! *A la bonne heure*! דאס וועט ווייניגסטענס זיין אַ פרייע פערהעלטניס.

בערטהא: יאָ, זעהר פרייע, בעזאנדערנס פאר דיר.

אקסעל. פאר דיר אויך. אבער בעקוועמליכער פאר מיר.

בערטהא: דאס איז זעהר אַ נאָבעלער געדאנק.

אקסעל: ניין, ניין — רייס נישט אויף די אלטע וואונדען. מיר האבען גערעדט פונ'ם אבענד־מאהל! און מיר דארפען נישט פערגעסען אונזערע געסט! נאַ! (ער געהט אין זיין צימער).

בערטהא: פונ'ם אבענד־מאָהל! געוויס! דערפון האבען מיר גערעדט. (זי געהט שנעל אַב אין איהר צימער, די ביהנע בלייבט לעער פאר אַ מינוט. דאַן קומען אַריין פון גארטען אמאליע און טהערעזע האלל).

אמעליע: ווי לאַנגווייליג דא איז.

טהערעזע: איך פיהל זיך דא אונאנגענעהם, און אונזער הערר און די בעל־הבית'טע זענען אויך נישט העפליך.

אמעליע: די פרוי איז נאך מעהר אונסימפאטיש ווי ער. אפילו איהר נעהן קורץ געשווירען איז אויך אונסימפאטיש.

טהערעזע: יאָ, אבער ס'בעדארף קומען אַ לייטענאַנט —

אמעליע: נאַ, זעהסטו דאס איז גוט, ווייל די קינסטלער דא זענען אזעלכע פרייה־העגדלער. שטיל, דער וואס קומט איז זיכער אַ דיפלאמאט — ער איז אויסערגעוועהנליך.

(זיי זעצען זיך ביידע אויף דער סאפע. ד"ר אסטערמארק קומט אריין פון גארטען. און בעטראכט די פריילינס דורך זיינע ברילען).

ד"ר: איך האב די עהרע מיינע דאמען. הם! מען טרעפט דא

אזוי פיעל לאנדס־פרויען. זענען די דאמען אויך קינסטלערינס ? מאלערינס וואהרשיינליך.

אמעליע : ניין, מיר מאלען נישט !

ד"ר : אבער דאך א ביסעל מאלט איהר יא ! דא אין פאריז פלעגען אלע דאמען — מאלען, דאס הייסט זיך צו מאלען !

טהערעזע : דאס דארפען מיר נישט !

ד"ר : אה דאן מוזט איהר שפיעלען ?

אמעליע : שפיעלען ?

ד"ר : יא, איך מיין נישט קארטען ! אבער א ביסעל שפיעלען אלע דאמען.

אמעליע : איהר זענט געוויס נישט לאנג פונ'ם דארף אהער געקומען, מיין הערר.

ד"ר : יא, נישט לאנג פון דארף, מיין פריילין, קען איך אייך מיט עפעס דיענען ?

טהערעזע : פערצייהט. מיר ווייסען נישט מיט וועמען מיר האבען די עהרע —

ד"ר : די דאמען זענען געוויס אהער נישט לאנג געקומען פון שטאקהאלים. דא קען מען רעדען איינס מיט'ן אנדערען נישט פאר־געשטעלטערהיים.

אמעליע : מיר האבען קיין פערלאנג דאס צו ווערען.

ד"ר : וואס דען ווינשט איהר, אום צופריעדען צו שטעלען אייער נייגעריגקייט ? נא, איך בין אן אלטער פאמיליען דאקטער און הייס אנדערסאן. איז מיר יעצט פיליכט ערלויבט צו פרעגען אייער פאמיליען נאמען ? — אייער כאראקטער אארט מיר גאנץ ווייניג.

טהערעזע : מיר זענען די פריילינס האלל ; אויב ס'איז אינטע־רעסאנט פאר אייך צו וויסען.

ד"ר : האלל ? הם! איך האב דעם נאמען געוויס שוין פריהער גע־הערט, ענטשולדיגט, ערלויבט מיר א פראגע ! זי איז א ביסעל א דארפישע פראגע —

אמעליע : איהר דארפט אייך נישט שעמען.

ד"ר : אייער פאטער לעבט נאך ?

אמאליע : ניין, ער איז טוידט.

ד"ר: אזוי! נא, ווען איך בין שוין געגאנגען אזוי וויט, וועל איך שוין געהן ווייטער. הערר האלל —

טהערעזע: אונזער פאטער איז געוועזען דירעקטאר אין א פייער פערזיכערונגס־געשעפט אין געטבארג.

ד"ר: אזוי, נא, איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג פאר אזוי פיעל פראגען -- איז אייך עפעס פרעהליך אין פאריז?

אמעליע: זעהר פרעהליך! — טהערעזע האסט נישט געזעהן, וואו איך האב אוועקגעלייגט מיין שאל? דא ציהט זעהר! (זי הויבט זיך אויף).

טהערעזע: דו האסט זי מסתמא פערגעסען אין גארטען־פאוויליאן. (זי הויבט זיך אויך אויף).

ד"ר: (שטעהט אויף) ניין, איהר בלייבט דא, ערלויבט מיר זי אויפצוזוכען פאר אייך ניין, איהר בלייבט נור זיצען. (ער געהט ארויס אין גארטען. פרוי האלל קומט פון לינקס, צימליך אנגעטרונקען, מיט פלאמענדע רויטע אויגען, רעדט אונזיכער.).

אמעליע: זעה, דא איז די מאמא, און ווידער אין אזא צו־שטאנד! גאט וואס טהוט זי דא! — וואס טהוסטו יעצט דא מאמא?

פרוי האלל: זייט שטיל! איך האב דא דאס זעלבע רעכט צו זיין ווי איהר!

טהערעזע: ווארום האסטו יעצט ווידער געטרונקען? שטעל זיך נור פאר ווען עמיצער זאל דאס דערזעהן!

פרוי האלל: איך האב נישט געטרונקען! וואס פלאפעלסטו אה?!

אמעליע: וואס זאלען מיר יעצט טהון ווען דער דאקטער וועט צוריקקומען און דיך אזוי דערזעהן. קום דא אריין, דא קענסטו אויך בעקומען א גלאז וואסער.

פרוי האלל: דאס איז גאנץ שעהן! אויף א מאמען צו זאגען אז זי איז בעטרונקען. צו זאגען אזעלכעס אויף אן אייגענער מאמען.

טהערעזע: רעד נישט, נור געה שנעל דארט אריין. (זי פיהרט זי ארויס רעכטס).

פרוי האלל: (לאזט זיך נישט) אזוי צו בעהאנדלען אן אייגענער מאמען, האט איהר גאר קיין אכטונג נישט פאר אייער מוטער?

אמעליע: פיעל נישט, נו שנעלער! (געהען אלע דריי אב. אקסעל און קארל קומען אריין פון גארטען).

קארל: נא, מיין ליעבער אקסעל, דו זעהסט זעהר שעהן אויס, דו זעהסט אויס מעהר מענליבער ווי פריהער.

אקסעל: יא, איך האב זיך עמאנציפירט!

קארל: דו האסט עס נאך בעדארפט טהון פריהער, ווי איך האב עס געטהון.

אקסעל: ווי דו?

קארל: געוויס, איך האב באלד אנגענומען די שטעלונג אלס דער הויפט פון דער פאמיליע.

אקסעל: און ווי איז דאס דיין פרוי געפעלען?

קארל: זעהסטו, דאס האב איך איהר פערגעסען צו פרעגען! אבער צו אורטיילען נאך איהר אויסזעהן, דענק איך אז זי גלויבט, אז עס בעדארף אזוי זיין. ווען א מאן האט נור שכל — קען ער שוין מאכען מיט דער פרוי וואס ער וויל.

אקסעל: די מאכט דארף דאך וויינינגסטענס געטהיילט ווערען?

קארל: מאכט קען נישט געטהיילט ווערען! געהארכען אדער בעפעהלען. דו אדער איך, מיין פערלאנג איז געווען צו הערשען און זי האט זיך געמוזט צוגעוועהנען דערצו.

אקסעל: יא, — אבער זי האט דאך געהאט געלט?

קארל: זי האט נישט געהאט קיין גראשען ביי דער נשמה, איהר גאנצער נדן איז געווען א זילבערנער־לעפעל. אבער זי האט גע־זוכט א חבר אין לעבען, און דאס האט זי געקראגען. אבער איך קען דיר זאגען, דאס איז א מענש מיט פרינציפען! — און זי איז א ליעבע, זעהר א ליעבע, און דערפאר בין איך אויך גוט צו איהר. מיר געפעלט זעהר דאס פערהייראטע לעבען, און א חוץ דעם, זי קאכט אויסגע־צייכענט. (אמעליע און טהערעזע קומען אריין פון רעכטס).

אקסעל: איך האב די עהרע פארצושטעלען לייטענאנט שטארק פרייליין אמעליע און פרייליין טהערעזע האלל.

קארל: ס'איז מיר זעהר אנגענעהם די בעקאנטשאפט מיט די

דאמען צו מאכען! (ער פערנייגט זיך מיט אַ מינע ווי ער דערקענט זיי. אמעליע און טהערעזע פערנייגען זיך פערלעגען און געהן צומישט ארויס אין גאָרטען).

קארל: ווי אזוי קומען דיביידע דאמען אהער?

אקסעל: ווי אזוי? זיי זענען מיין פרוים פריינדינעס, זיי זענען דאַ דאָס ערשטע מאָל. קענסטו זיי?

קארל: יאָ, עטוואָס!

אקסעל: וואָס זאָל דאָס הייסען?

קארל: איך האָב זיי אַ מאָל בעגעגענט שפּעט אין דער נאכט אין פּעטערסבורג.

אקסעל: שפּעט אין דער נאכט?

קארל: יאָ.

אקסעל: האסטו אמאל נישט אַ טעות?

קארל: אָ ניין. קיין טעות! אין פּעטערסבורג האָט מען זיי גאַנץ גוט געקענט.

אקסעל: און בערטהאַ ערלויבט זיי צו זיין אין מיין הויז!

בערטהא: (טרעט שנעל אריין פון גאָרטען) וואס בעדייטעט דאָס! האט איהר בעליידיגט די מיידלאך?

אקסעל: ניין — אבער —

בערטהא: זיי זענען פון דאנען ארויס וויינענדיג, און האבען ערקלערט אַז זיי קענען אין דער געזעלשאפט פון די הערען נישט בלייבען. וואס איז דאָ געשעהן?

אקסעל: קענסטו דיזע דאמען?

בערטהא: זיי זענען מיינע פריינדינען! איז דאָס גענוג? אָדער נישט?

אקסעל: נישט אין גאנצען!

בערטהא: נישט אין גאַנצען? נו ווען אָבער —

ד״ר: (קומט אריין פון גאָרטען) וואס זאל דאס הייסען? וואָס האט איהר געטהון מיט די מיידלאך וואס זיי זענען יעצט אנטלאפען! איך האב זיי געוואלט העלפען אָנטהון די מאנטלען האבען זיי זיך נישט געלאזען, און איך האב בעמערקט טרערען אין זייערע אויגען.

קארל: איך וואלט געוואלט פרעגען זענען דאס בערטהא׳ס פריינדינען?

בערטהא: יא, זיי זענען! אָבער ווען מיין שוץ איז נישט גענוג, דאַן וועט פיליייכט ד״ר אָסטערמארק זיי נעהמען אונטער זיין שוץ, ווייל ער איז געוויסערמאסען דאס פערפליכטעט צו טהון.

קארל: דאָ איז געמאכט געווארען א טעות. דו מיינסט אז איך וואָס האָב געהאט געוויסע פערבינדונגען מיט די מיידלאַך זאל יעצט ערשיינען אלס זייער ריטטער?

בערטהא: וואָס א פערבינדונג?

קארל: א צופעליגע, ווי מען האָט מיט אזעלכע פרויען.

בערטהא: אזעלכע פרויען? דאָס איז א ליגען!

קארל: איך האב נישט קיין טבע צו זאגען ליעגען!

ד״ר: אָבער איך פערשטעה נישט, וואָס האב איך צו טהון מיט די דאמען?

בערטהא: דו נאטירליך, ווילסט פון דיינע פערלאזענע קינדער גאר נישט וויסען.

ד״ר: מיינע קינדער? איך פערשטעה נישט א וואָרט פון דעם אלעמען!

בערטהא: דאָס זענען געווען דיינע צוויי טעכטער פון דיין גע־שיעדענע פרוי.

ד״ר: אזוי לאנג, ווי דו גלויבסט, אז דו האָסט דאס רעכט זיך אריינצומישען, אין מיין פאמיליען פערהעלטניס, און דאס ברענגען אין דער עפענטליכקייט, וועל איך דיר אויך עפענטליך ענטפערען. ווי עס ווייזט אויס האסטו זיך גענומען די מיה אויסצונעפינען, צו איך בין א געשיעדענער אדער איך בין אן אלמן. גוט! מיין הייראט וועלכע איז געווען קינדערלאז האט זיך אויפגעלייזט מיט צוואנציג יאהר צוריק. דאן האב איך זיך פערבונדען אויף דאס־ניי מיט אן אנדערע, און מיר האבען געהאט א קינד וועלכעס ס׳איז ערשט נישט לאנג אלט געווארען פינף יאהר. אלזאָ די צוויי ערוואקסענע מיידלאַך קענען מיינע טעכטער נישט זיין. נו יעצט ווייסטו שוין די גאנצע געשיכטע.

בערטהא: אבער דיין פרוי — וועלכע דו האסט היפלאז ארויס־געוואָרפען?

ד"ר: ניין דאָס איז אויך נישט אזוי געווען. זי איז אליין אוועק, און דאן פלעגט זי ערהאלטען אַ האלב פון מיין איינקונפט, ביז איך האב ערפאהרען אז זי — אַך, אבער גענוג דערפון, ווען דו וואלסט זיך נאר געקענט פארשטעלען וויפיעל צרות און זארגען איך האב געהאט אויפ־צוהאלטעי צוויי פאמיליעס, וואלסטו מיר זיכער דיעזע אונאנגענעהמליכ־קייט נישט פערשאפט. אבער אזעלכע מענשען ווי דו קענען אזעלכע זאכען זיך נישט פארשטעלען, אבער גענוג, מעהר דארפסטו נישט וויסען, און ס'איז נישט דיין געשעפט.

בערטהא: אבער מיך אינטערעסירט צו וויסען, ווארום האט דיך דיין ערשטע פרוי פערלאזען.

ד"ר: איך גלויב נישט, אַז דיר וועט אינטערעסירען צו וויסען, אַז זי איז געווען אַ טוינעניכטס, קליינליך און געמיין, און אז איך בין צו איהר גוט געווען! און יעצט דו וויכהערציגע, פיינפיהלענדע בערטהא! שטעל זיך נור פאָר ווען זיי וואלטען ווירקליך געווען מיינע טעכטער דיינע פריינד און קארלס פריינד, שטעל זיך נור פאָר ווי מיין אלט הארץ וואלט זיך דערפרעהט ווען איך וואלט ווידער געזעהן מיינע טעכטער נאָך אכצעהן יאהר צייט, וועלכע איך האב געטראגען אויף מיינע אָרעמס ווערענד די לאנגע נעכט וואס זיי זענען קראנק געווען. און שטעל זיך נור פאר ווי זי מיין ערשטע ליעבע, מיין ערשטע פרוי מיט דער, מיט וועלכע מיין לעבען איז געווארען צום ערשטען מאָל לעבען, וואלט אנגענומען דיין איינלאדונג, און וואלט אהער געקומען? וואס פאר אַ דאנקבארען פינפטען אקט אין דער מאָלאָדראמע, דו האסט אונז געוואלט פערשאפען. — וואס פאר אַ נאבעלע ראכע האסטו געוואָלט נעהמען פון אַן אונשולדיגען! אַ דאנק דיר אלטע פריינדין. אַ דאנק דיר פאָר דער בעלוינונג מיט וועלכע דו האסט בעצאהלט מיין פריינדשאפט —

בערטהא: בעלוינונג! יאָ איך ווייס איך בין דיר שולדיג אַ לוין—

אקסעל, קארל און דער דאָקטער: אָ! אָ!.

בערטהא: איך ווייס עס! איך ווייס עס זעהר גוט!

ד"ר: נאָ, יעצט געה איך. דו ביזט איינע פון די ריכטיגע פרויען! ענטשולדיג אקסעל! אָבער איך קען זיך נישט העלפען!

בערטהא: (צו אקסלען) א טהייערער מאן וועלכער לאזט זיין פרוי בעליידיגען!

אקסעל: איך קען נישט פערשטעהן, ווי דו ערלויבסט זיך יענעם צו בעליידיגען. אדער אליין ווערען בעליידיגט! (עס הערט זיך פון גארטען מוזיק און א איטאליענישער געזאנג) די זינגער זענען שוין געקומען, איז פילייכט אנגענעהם פיר די הערשאפטען ארויסצוגעהן און געניסען אביסעל פערגניגען.

(אקסעל, קארל, און בערטהא, געהן ארויס אין גארטען, עס הערט זיך פון דרויסענדערשפיעלען פון די מוזיק. דער דאקטער געהט צו, צו דער רעכטער וואנד און בעטראכט די צייכנונגען. פרוי האלל קומט אריין מיט אונזיכערע טריט, בלייבט שטעהן, דאן זעצט זי זיך אויף א שטוהל דער דאקטער וועלכער דערקענט זי נישט, פערנייגט זיך פאר איהר).

פרוי האלל: וואס איז דאס פאר א מוזיק אין דרויסען?

ד"ר: דאס זענען איטאליענער, גנעדיגע פרוי!

פרוי האלל: דאס זענען דאך די זעלבע, וועלכע איך האב געהערט אין מאנטא קארלא.

ד"ר: ס'קען פילייכט זיין, אז דארט זענען געווען אנדערע איטאליענער.

פרוי האלל: אה איך גלויב אז דאס איז אסטערמארק אליין! — ער איז אימערצו געווען געשיקט אויף אנטווארטען.

ד"ר: (גלאצט אויף איהר) אה! — ס'איז פארהאנען זאכען — וועלכע — זענען ווייניגער שרעקליך, ווי די שרעק אליין! דאס ביזטו קאראלינע! און דאס איז דער אויגענבליק נאך וועלכען איך האב זיך נאכגעיאגט אכצעהן יאהר צייט, גע'חלום'ט פון איהם, געזוכט, געשראקען זיך, געבענקט נאך איהם; יא געבענקט נאך איהם אום צו קריגען דעם קלאפ און נאכהער פאר קיין זאך נישט בעדארפען מורא האבען (ער נעמט ארויס א קליין פלעשעלע, און בענעצט די צונג מיט איניגע טראפען) שרעק זיך נישט! ס'איז נישט, קיין גיפט! דאס איז מעדיצין פאר'ן הארץ.

פרוי האלל: אך, דאס הארץ, יא! דו האסט אימערצו צופיעל הארץ געהאט.

ד"ר: ס'איז מאדנע. צוויי מענשען קענען זיך נישט בעגעגענען נאך אכצעהן יאָהר, און זיך נישט קרינען.

פרוי האלל: דו ביסט אימערצו געווען דער וועלכער האט זיך נעקריענט.

ד"ר: איך אליין? ווי — וואלטען מיר פילייכט דערפון נישט גערעדט? — איך מוז זיך צוגעוועהנען צו קוקען אויף דיר. (ער ... א שטוהל און זעצט זיך אנטקעגען איהר) נאָר נישט געציטערט!

פרוי האלל: איך בין אלט געוואָרען!

ד"ר: מען ווערט עס; מען האט עס געזעהן, געהערט, געלעזען, אליין נעפיהלט, און דאך איז שרעקליך. איך בין אלט.

פרוי האלל: און ביזטו גליקליך מיט דיין נייעם לעבען?

ד"ר: אויפריכטיג געזאגט; ס'איז איינס און דאס זעלבע; אביסעל אנדערש, אבער אין גאנצען דאס זעלבע.

פרוי האלל: דאס אלטע איז פילייכט בעסער געווען?

ד"ר: ניין ס'איז נישט געווען בעסער, ווען ס'איז געווען דאס זעלבע. אבער די פראגע איז צו וואלט עס יעצט נישט בעסער געווען, נור דערפאר ווייל עס וואלט געוועןָ דאס אלטע. און דו? ווי לעבסטו?

פרוי האלל: (בעליידיגט) ווי איך לעב?

ד"ר: פערשטעה מיך גוט: ביזטו צופריעדען מיט — דיין לעבען — איך מיין — אך, ווי שווער עס איז זיך דורכצורעדיי מיט א פרוי.

פרוי האלל: צופריעדען? הם!

ד"ר: נא, דו ביזט קיין מאל נישט געווען צופריעדען. אבער ווען מען איז יונג, וויל מען אז אלעס זאל זיין ערשטע קלאס. און ווען מען איז אלט האט מען אלעס דריטע קלאס. נא, ווי איך פערשטעה האסטו געזאגט פרוי אלבערג, אז די מיידלאך זענען מיינע קינדער.

פרוי האלל: איך? דאָס איז א געמיינער ליגען!

ד"ר: אימער נור ליגענס! אין די פריהערינע צייטען ווען איך בין געווען נאריש, האב איך געקוקט אויף א ליגען ווי אויף א זינד. אבער יעצט פערשטעה איך אז דאס איז אזא נאטור פעהלער. דו גלויבסט אליין אין דיינע ליגענס און דאס איז שרעקליכער פון

אלעס. אבער לאמיר דאס לאזען אָן א זייט. דענקסטו צונעהן, אדער זאל איך געהן?

פרוי האלל: (הויבט זיך אויף) איך וועל געהן! (זי פאלט צוריק אין שטוהל).

ד"ר: וואס? דו ביזט שכור — איך האב מיטלייד מיט דיר, דאס איז דאס אונאנגעהנעמסטע פון אלעס. הא מיר דוכט זיך איך וועל באלד אנפאנגען צו וויינען! — קאראלינע! ניין, איך קען דאס נישט פערטראגען!

פרוי האלל: איך בין קראנק!

ד"ר: יא, מען איז קראנק, ווען מען טרינקט צופיעל! אבער די צרה איז, וואס אלעס איז פיעל ערגער ווי איך האב זיך פארגעשטעלט! איך האב נעטוידטעט קליינע אונגעבוירענע קינדער, אום צו רעטען די מוטער, און איך האב געפיהלט זייער ציטערען אין קאמפף מיט'ן טוידט. איך האב געשניטען לעבעדיגע מוסקלען, און האב געזעהן דאס מארך פליסען ווי פוטער פון די פרישע ביינער. אבער קיין זאך האט מיר נישט אזוי וועה געטהון ווי דאס וואס דו האסט מיך פערלאזען. ס'האט דאן אויסגעזעהן ווי דו וואלסט אנטלאפען מיט איינעם פון מיינע לונגען, אזוי אז איך האב נור געקענט אטהעמען מיט די אנדערע! — אך איך פיהל יעצט ווי איך ווער דערשטיקט!

פרוי האלל: העלף מיר פון דאנען אוועקגעהן, דא איז שרעקליך! איך ווייס נארנישט נאך וואס מיר זענען אהער געקומען. גיעב מיר דיין האנד.

ד"ר: (פיהרט זי אין הינטערגרונד צו די טהיר) אמאל בין איך דאס געוועזען וואס האב געבעטען דיין האנד. און נאכהער האט מיך דאס פיינע הענטעלע זעהר שווער געדריקט. אמאל האט עס מיך געשלאגען אין געזיכט דאס הענטעלע, און איך האב עס דאך געקושט. — אך יעצט איז דאס פיינע הענטעלע פערוועלקט און וועט מיך, שוין מעהר נישט קענען שלאגען — *O dolce Napoli!* לעבענס-פרייד, וואו ביזטו פערשוואונדען? דו וועלכע ביזט געוועזען די כלה פון מיין יוגענד!

פרוי האלל: (ביי דער טהיר) וואו איז מיין מאנטעל?

ד"ר: (פערמאכט די טהיר) מסתמא אין פאר־הויז. — דאס איז

שרעקליך! (פערויכערט אַ ציגאַר) *O dolce Napoli!* איך וואלט נעוואלט וויסען צו איז טאקע אזוי זיס אין דעם קאַהלען־פערויכערטען פישער־האפען? ס'מוז זיין ליעגען! ליעגען! ליעגען! חתן כלה, לעבענס־פרייד, אנטיק, מאָדערן, ליבעראל, קאָנסערוואטיוו, אידיאליסטיש, רעאליס־טיש, נאטוראליסטיש — ליעגען! אלעס איז ליעגען

(אקסעל, אבעל, וויללמער, פרוי שטארק, בערטהא, קומען אריין פון גאָרטען).

פרוי שטארק: וואס איז דאָ געשעהן מיט אייך הערר דאָקטער?

ד"ר: ענטשולדיגט. ס'איז כמעט דאָ גאָרנישט פאָרגעקומען, צוויי פרעמדע האבען זיך דאָ אריינגעבראָכען, און מיר האבען בע דארפט אויסגעפינען ווער זיי זענען.

פרוי שטארק: די יונגע מיידלאך?

קארל: נאָ, דאס האט גארנישט צו טהון מיט דיר. אָבער איך וויים נישט פאר וואס, מיר דאכט זיך איך פיהל דעם „שונא אין דער לופטען".

פרוי שטארק: אך, דו זעהסט אימערצו, נור שונאים, ליעבער קארל.

קארל: ניין, איך זעה זיי נישט, נור איך פיהל זיי.

פרוי שטארק: דאן קום צו דיין ווייבעלע און זי וועט דיך פער־היטען פון זיי.

קארל: אך, דו ביזט אימער זעהר גוט צו מיר.

פרוי שטאַרק: וואָרום דען נישט, ווען דו ביזט אזוי גוט צו מיר.

(די טהיר אין הינטער־גרונד ווערט געעפענט פון דאס הויז־מיידעל, און צוויי מענער טראגען אריין אַ בילד).

אקסעל: וואס איז דאס.

דאס הויז־מיידעל: דער טרעגער זאגט, אז ער וויל עס אריינ־טראָגען אין אַטיליער, זיי האָבען דארט ביי זיך פאר דעם קיין פלאץ נישט.

אקסעל: וואס איז דאס פאר אַ נארישקייטען, טראָגט ארויס דאָס בילד.

דאס הויז־מיידעל: די מאדאם האט דאך, נאך דעם בילד אליין געשיקט!

בערטהא: דאס איז נישט אמת! איבערינגענס איז דאס נישט מיין בילד! ס'איז דיין הערר'ס! שטעלט עס דא אוועק. (די מיידעל און די מענער געהען ארויס) פיליכט איז דאס נאר נישט דיינס אקסעל? לאמיר נור זעהן! (אקסעל שטעלט זיך אוועק פאר דעם בילד) געה אפ אן א זייט, דאמיט מיר זאלען קענען זעהן!

אקסעל: (טרעט אפ אן א זייט) זיי האבען געהאט א טעות.

בערטהא: (קוויטשעט) וואס?! וואס איז דאס?! ס'איז א טעות! וואס זאל דאס הייסען — ס'איז דאך מיין בילד, אבער ס'איז אקסעלס נומער דערויף! אה! (זי פאלט אין חלשות).'

אקסעל: זי שטארבט!

פרוי שטארק: נאט אין הימעל, וואס איז דאס! ארימע זיסע! אך ד"ר אסטערמארק טהוט דאך עפעס! אקסעל שטעהט נאר ווי א פערזונקענער. (דער דאקטער און קארל טראגען בערטהא'ן ארויס אין איהר צימער לינקס, די פרויען פאלגען זיי נאך. אויף דער סצענע בלייבט ווילמער און אקסעל).

אקסעל: אין דעם אלעמען ביזטו שולדיג!

ווילמער: איך?

אקסעל: (נעהמט ווילמער'ן אן ביים אויער.) יא דו. יעצט זאלסטו בעקומען די שטראף וואס דו האסט פערדיענט. (ער פיהרט איהם צו, צו דער טהיר, וועלכע ער עפענט מיט איין פוס. און מיט דער צווייטער שטויסט ער איהם ארויס) ארויס!

ווילמער: איך וועל זיך שוין מיט דיר דערפאר אברעכענען!

אקסעל: איך בין געגרייט צו יעדער צייט! (דער דאקטער און קארל קומען צוריק).

ד"ר: וואס איז דא פארגעקומען מיט דעם בילד?

אקסעל: גארנישט — נאר עס האט אויסגעציינט ווי עס וואלט מיט זיך פארנעשטעלט א שוועבעל־זויערקייט.

קארל: זאג מיר נור! ווער איז צוריקגעוויזען דו אדער זי?

אקסעל: איך בין צוריקגעוויזען דורך איהר ביכד, איך האב איהר געוואלט העלפען אלס קאמעראד, און דערפאר האב איך איבערגעביטען די נומערן.

ד"ר: יאָ, אבער דאָ ליעגט נאך פאָר אויך עפּעס אנדערש, זי זאגט אז דו ליעבסט איהר נישט מעהר.

אקסעל: דאס האט זי רעכט. און מארגען וועלען מיר זיך שיידען.

דער דאקטאר און קארל: זיך שיידען?

אקסעל: יאָ, ווען אַ זאך האט נישט קיין באנד, וואס ס'זאל דאס האלטען צוזאמען, מוז זיך דאס אויפלייזען. דאס איז קיין הייראט נישט געווען. ס'איז נור געווען אַ צוזאמען וואהנען, אויב נישט ערגערעס.

ד"ר: וואס פאר אַ שלעכטע לופט דאָ איז! קום! לאָמיר געהן!

אקסעל: יאָ, איך וועל אויך ארויס פון דאנען. (זיי לאזען זיך אלע געהן צו דער טהיר אין הינטער־גרונד, אבעל קומט אריין).

אבעל: וואס, די הערען ווילען שוין געהן?

אקסעל: דיך וואונדערט דאס?

אבעל: קען איך מיט דיר רעדען?

אקסעל: רעד!

אבעל: ווילסטו נישט אריינגעהן צו בערטהא'ן?

אקסעל: ניין.

אבעל: וואס האסטו איהר געטהון?

אקסעל: איך האב זי געדריקט צום באָדען.

אבעל: איך האב עס בעמערקט — ווייל איהרע עלענבויגענס זענען ברוין און בלאָה. קוק מיך אן! איך האב דאס אויף דיר קיין מאָל נישט געגלויבט. נו זיענער, טריאומפפיר יעצט!

אקסעל: דאס איז אַ צווייפעלהאפטער זיעג, וועלכען איך האב גאר אין גאנצען נישט געוואונשען.

אבעל: ביזטו זיכער אז נישט?! (זי בויגט זיך איבער צו איהם און מורמעלט איהם אין אויער). בערטהא ליעבט דיך זייט דו האסט איהר ארונטערגעבויגען.

אקסעל: איך וויים דאס, אבער איך ליעב זי נישט מעהר.

אבל: ווילסטו צו איהר נישט אריינגעהן?

אקסעל: ניין, אלעס איז גענענדיגט. (ער נעהמט דעם דאקטאר אָן ביים אָרעם) קומט!

אבעל: זאל איך דאס זאָגען בערטהא'ן?

אקסעל: ניין, יאָ, זאָג איהר, אַז איך האָס איהר און פעראכטע זי!

אבעל: זיי געזונד מיין פריינד!

אקסעל: אדיע, מיין פיינדין!

אבעל: פיינדין?

אקסעל: ביזטו דען מיין פריינדין?

אבעל: איך ווייס נישט! איך בין ביידע נישט! איך בין א ממזר —

אקסעל: דאס זענען מיר אלע, אזוי לאנג ווי מיר קומען פון דעם צוזאמען־לעבען פון א מאן מיט א פרוי! פילייכט האסטו מיך געליעבט נור מיט דער אבזיכט זאלסט מיך קענען פערנאנדער שיידען מיט בערטהא'ן.

אבעל: (מאכט זיך א ציגארעטעל) געליעבט? איך וואלט וועלען ויסען וואס דאס איז אזוינס. ניין, איך קען נישט ליעבען, ס'קען זיין איך בין נישט קיין נארמאלע — ווייל מיר איז נור געוועזען אנגענעהם אויף אייך צו קוקען ביז די העסליכע קנאה האט אין מיר נישט אנגעצונדען א פייער — פילייכט האסטו מיך געליעבט?

אקסעל: ניין, אויף מיין עהרענווארט! דו ביזט פאר מיר געוועזען א שעהנער קאמעראד, וועלכער האט זיך דורך א צופאל פערקליידעט אין פרויען קליידער. דו האסט אויף מיר קיינמאָל נישט געמאכט דעם איינדרוק אז דו בעלאנגסט צו אן אנדערען געשלעכט; און ליעבע זעהסטו קיין און דארף נור עקזיסטירען צווישען אינדיווידועמס פון געגענזייטיגע געשלעכטער —

אבעל: געשלעכטליכע ליעבע, יאָ!

אקסעל: איז דען פערהאַנען אנדערע?

אבעל: איך ווייס נישט! אבער אויף מיר איז זיכער א רחמנות! און דיזער האס! דיזער שרעקליכער האס! ועט פילייכט פערשווינדען, ווען איהר מענער וועט אייך אויפהערען זיך צו שרעקען, אונז צו ליעבען, ווען איהר זאלט נישט אזוי — ווי זאל איך דאס זאגען? — זיין אזוי־זיטליך, ווי דאס ווערט אנגערופען.

אקסעל: דאן זייט דאך אין גאטעס ווילען א ביסעל מעהר ליעבענסווירדיגער. און מאכט אייך נישט אזוי, אז ווען מען זעהט אייך זאל מען בעדארפען דענקען פון געזעצליכע שטראף.

אבעל: דענקסטו, אז איך זעה אזוי שוידערהאפט אויס?

אקסעל: יא! אבער ווייסטו, דו מוזט ענטשולדיגען, דו ביזט שרעקליך.

בערטהא: (קומט אריין; צו אקסלען) דו געהסט?

אקסעל: יא, איך האב נור וואס געוואלט געהן, אבער יעצט בלייב איך.

בערטהא: (וויעך) וואס? דו —

אקסעל: איך בלייב אין מיין היים!

בערטהא: אין אונזער היים!

אקסעל: ניין, אין מיין אטעליער, ביי מיינע מאָדעלען!

בערטהא: און איך?

אקסעל: דו קענסט טהון ווי דיר איז בעליעבט, אבער דו זאלסט וויסען וואס דו רעזיקירסט! — איך האב אנגעגעבען אין געריכט א ביטע פאר א יאהר שיידונג אין בעט און ביי'ם טיש. בלייבסטו דאָ, דאס הייסט, ווען דו בעזוכסט מיר וועהרענד דיזער צייט, אזוי וועסטו האבען צו וועהלען צווישען א געפענגעניס־שטראפע, אדער צו בעטראכטעט ווערען אלס מיין מעטרעסע! האסטו נאך יעצט לוסט צו בלייבען?

בערטהא: אָה! — איז דאס געזעץ?

אקסעל: יא, דאס איז געזעץ!

בערטהא: דו טרייבסט מיך אלזא ארויס?

אקסעל: נישט איך, דאס געזעץ.

בערטהא: און דו גלויבסט אז איך וועל זיך שטעלען צופריעדען דערמיט?

אקסעל: ניין, איך גלויב דאס נישט, ווייל דו וועסט נישט זיין צופריעדען ביז דו וועסט מיך נישט זעהן א טוידטען.

בערטהא: אקסעל! ווי קענסטו אזוי רעדען, ווען דו ווייסט — ווי ליעב איך האב דיך!

אקסעל: דאס גלויב איך, אבער איך ליעב דיך נישט מעהר!

בערטהא: (שפרינגט אויף און צייגט אויף אַפּלען) ווייל דו האסט זי ליעב!

אקסעל: ניין, איהר זיכער נישט. דאס האב איך נישט געטהון און וועל עס נישט טהון! וואס פאר א איינבילדונג! פונקט ווי עס וואלט שוין מעהר קיין פרויען נישט געווען, אדער א מעהר אנציהענדע פון איהר.

בערטהא: אבער זי ליעבט דיך!

אקסעל: קען זיין, איך גלויב אפילו אז זי האט מיר אליין געגעבען עפעס אָנצוהערען דערפון. יאָ איך דערמאָהן זיך, זי האט עס מיר אויסדריקליך געזאגט. וואו איז דאס געווען —

בערטהא: (אין אַן אַנדער טאָן) דו ביזט ווירקליך דער אונפערשעהמסטער מענש וואס איך האב ווען עס איז אנגעטראפען.

אקסעל: יאָ איך גלויב דאָס!

בערטהא: (טהוט אָן איהר הוט און מאנטעל) יעצט ווילסטו מיך ארויסזועצען אויף דער גאַס? מיינסטו דאס ערענסט?

אקסעל: אויף דער גאַס, אדער ווי דיר איז בעליעבט.

בערטהא: (אין כעס) גלויבסטו אז א פרוי וועט זיך לאזען אזוי בעהאנדלען?

אקסעל: דו האסט דאך אמאָהל געבעטען איך זאָל פערגעסען אז דו ביזט א פרוי, נו גוט, האָב איך עס פערגעסען.

בערטהא: אבער ווייסטו אז דו האָסט פליכטען צו דער יעניגער וועלכע איז געווען דיין פרוי?

אקסעל: דו מיינסט, צו בעצאהלען דיר פאר דער גוטער קאמעראדשאפט? וואס? א לעבענס פענסיע?

בערטהא: יאָ!

אקסעל: אָט האסטו אין פאראויס פאר א חודש! (ער לעגט דאס געלד אויפ'ן טיש).

בערטהא: (נעהמט דאס געלד און צעהלט דאס איבער) אביסעל עדעלקייט איז דיר נאָך פערבליבען!

אבעל: זיי געזונד בערטהא, יעצט געה איך.

בערטהא: ווארט איך געה מיט!

אבעל: ניין, יעצט געה איך נישט מעהר מיט דיר.

בערטהא: וואס? ווארום דען?

אבעל: ווייל איך שעם זיך.

בערטהא: (ערשטוינט) דו שעמסט זיך?

אבעל: יא, איך שעם זיך, זיי געזונד! (זי געהט אב).

בערטהא: דאס פערשטעה איך נישט! זיי געזונד אקסעל! א דאנק דיר פאר אלעס! זענען מיר פריינדע? (זי נעהמט זיין האנד).

אקסעל: איך וויינינגסטענס בין עס נישט! לאז אב מיין האנד, אז נישט וועל איך מיינען אז דו ווילסט מיך ווידער פערפיהרען. (בערטהא געהט צו דער טהיר).

אקסעל: (מיט א זיפץ פון ערלייכטערונג) וואונדערליכע קאמעראדען! אה!

דאס הויז־מיידעל: (קומט אריין פון גארטען, צו אקסלען) א פריילין ווארט פאר אייך דארט!

אקסעל: באלד וועל איך זיין פריי!

בערטהא: איז דאס דיין נייע קאמעראדין!

אקסעל: ניין נישט קיין קאמעראדין, דאס איז א געליעבטע!

בערטהא: און א צוקונפטיגע פרוי?

אקסעל. פיליכט! קאמעראדען בין איך צופריעדען צו האבען אין קאפעע, אין דער היים אבער וויל איך האבען א פרוי (ער מאכט א בעוועגונג ווי פריהער, צו געהן) ענטשולדיג!

בערטהא: אלזא זיי־געזונד! וועלען מיר זיך שוין מעהר קיינמאל נישט טרעפען?

אקסעל: אה, געוויס! — אבער נור אין קאפעע! — זיי געזונד! (פארהאנג).

(ענדע).



אויגוסט סטרינדבערג.

# מוטער־ליעבע

— און —

# שטאַרקערע



פערלאַג מאַקס יאנקאָוויטש
179 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

# פערזאנען:

די מוטער, א געוועזענע גאסען־פרוי, 42 יאהר.
די טאכטער, שוישפּיעלערין, 20 יאהר.
ליזע, 18 יאהר.
א גארדעראבין פון א טהעאטער.

(די ביהנע שטעלט פאר דעם אינעווענינ פון א פישער הייזעל אין א באדע־פּלאץ. אין הינטער־גרונד א גלעזערנע ווארענדע וועלכע פיהרט צו א זאמדיגען ברעג פון ים).

(די מוטער און די גארדעראבין פרוי, רויכערען ציגארען, טרינקען פּארטער און שפּיעלען אין קארטען. די טאכטער שטעהט נעבען פענסטער און קוקט ארויס מיט געשפּאנטער אויפמערקזאמקייט.)

די מוטער: — קום העלענע, און זיי א הײמע האנד!
די טאכטער: — קען איך ניט זײן פריי פון שפּיעלען קאר־
טען אפילו אין אזא שעהנעם זומער־טאג?
די גארדעראבין: — נאר דורך ארץ פאר דער מאמע!
די מוטער: — זיץ נישט דארט אויף דער ווארענדע, דו
ווערסט פערברענט פון דער זון!
די טאכטער: — עס ברענט דא נישט!
די מוטער: — דאן ציה־זשע ארונטער דאס פּארהאנגעל!...
(צו דער גארדעראבין) דו דארפסט טאשען! זיי אזוי גוט!...
די טאכטער: — וואלט איך אפשר געמעגט היינט געהן זיך
באדען מיט די מיידלעך?
די מוטער: — אהן דער מאמען נישט. דו ווייסט דאך דאס.
די טאכטער: — די מיידלעך קענען שווימען און דאס קען
די מאמע נישט!
די מוטער: — עס איז נישט די פראגע ווער עס קען שווי־
מען און ווער עס קען נישט, נור העלענע ווייסט דאך אז
אהן דער מאמע געהט זי נישט.
די טאכטער: — איך וויים עס גאר גוט! איך האב דאך די
ווערטער געהערט פון זינט אן איך האב אנגעפאנגען צו
בעגרייפען וואס דו זאגסט.
די גארדעראבין: — דאס בעווייזט נור, אז העלענע
האט געהאט א גוטע מוטער, וועלכע האט געוואונשען דאס
בעסטע פאר איהר קינד, יא, דאס בעווייזט עס!
די מוטער: — (גיט איהר די האנד) א דאנק! א דאנק דיר
אויגוסטע פאר די גוטע ווערטער! וואס איך בין געווען,
דאס — אבער אז איך בין געווען א צערטליכע מוטער, דאס
קען איך מיט א עהרליכען געוויסען בעהויפּטען.
די טאכטער: — עס וועט דאך אודאי אויך ניט לוינען צי
בעטען אום ערלויבעניש ארונטערצוגעהן שפּיעלען טעניס!
די גארדעראבין: — מען טאר א מאמען נישט אנטקעג־

נען רעדען, מיין פריילין, און ווען מען וויל פערשאפען דאס פערגניגען זיינע שכנים און אנטהייל נעמען אין זייערע אונטערהאלטונגען, ציינט עס אויס, אפען גערעדט, נישט איידעל צו קומען און בעטען ערלויבעניש זיך צו געהן אונ־טערהאלטען מיט אן אנדער געזעלשאפט!

די טאכטער: — יא, יא, יא, איך וויים דאס אלעס. איך וויים, איך וויים!

די מוטער: — דו ביזט שוין ווייטער שלעכט-געשטימט! נעם זיך עפעס פאר א ניצליכע ארביים! אזא דערוואקסענע מיידעל!

די טאכטער: — אז איך בין א דערוואקסענע מיידעל, פאר וואס זשע בעהאנדעלסט דו מיך ווי א קליין קינד?

די מוטער: — ווייל דו באנעמסט זיך ווי א קליין קינד.

די טאכטער: — דו וויינינסטענס בעדארפסט דאס מיר נים פארווארפען, ווייל דו ווילסט דאך איך זאל אזוי זיין!

די מוטער: — הער נור, העלענע, איך בעמערק אז דו ביזט געווארען זעהר שארפזיניג פאר די לעצטע צייט — מיט וועמען חבר'סטו זיך?

די טאכטער: — צווישען אנדערע מיט איך!

די מוטער: — דו הויבסט אן צו האבען סודות פאר דיין מאמען?

די טאכטער: — יא דאס קען מיט דער צייט זיין!

די גארדעראבין: — שעם דיך, דו יונגע ציעג. ווילסט זיך קריגען מיט דער מאמען!

די מוטער: — לאמיר זיך בעסער נעמען צו עטוואס בעסע־רעס, ווי ארומצוקריגען זיך. אט צום ביישפיעל נעם און לעז מיר פאר דיין ראלע.

די טאכטער: — דער דירעקטאר האט געזאגט איך זאל פאר קיינעם נישט פארלעזען, ווייל מען וועט מיר זא :וי זא מעהר נישט ווי געבען איהר שלעכט צו פערשטעהן. —

די מוטער: — דאס איז דער דאנק וואס מען קריגט פאר וועלען העלפען! און עס פערשטעה טזיך, אז אלעס וואס איך טהו איז נאריש!

די טאָכטער: — טאָ צו וואָס טהוסט דו עס, און פאַר וואָס זאָל איך ליידען ווען דו טהוסט נישט גלייך!

די גארדעראָבין: — דו ווילסט אויפוואַרפען דיין מוטער פאַר איהר ווייניג בילדונג! פוי, ווי מיאוס!

די טאָכטער: — דו טאַנטע, זאָגסט אַז איך וויל עס, אָבער איך וויל עס נישט. דאָך ווען די מאַמע וויל מיר לערנען ניט ריכטיגעס, מוז איך עס זאָגען, אויב איך וויל ניט פערליערען מיין אָבמאַך מיט'ן טהעאטער און מיר זאָלען בלייבען זיצען אָהן פּרנסה.

די מוטער: — דו גיסט אונז הייסט עס אָנצוהערען אַז דו ביזט אונזער ברויטגעבער. אָבער ווייסט דו וואָס פאַר אַ חוב דו ביזט שולדיג דער טאַנטע דיינער? ווייסטו אַז זי איז געוועזן די יעניגע וואָס האָט אונז גענומען אויף זיך, ווען דיין שלעכטער פאָטער האָט אונז פערלאָזען און אַז דו ביזט איהר שולדיג אַ חוב וועלכען דו קענסט איהר קיינמאָל נישט בעצאָלען! ווייסטו דאָס?

(די טאָכטער שווייגט.)

די מוטער: — ווייסטו דאָס? ענטפער!

די טאָכטער: — אויף דעם ענטפער איך נישט!

די מוטער: — ענטפערסט נישט?

די גארדעראָבין: — בערוהיג זיך, אמאַליע, די שכנים וועלען הערען און עס וועט זיך ווידער אָנהויבען אַ רעדעריי! בערוהיג זיך!

די מוטער: — טו זיך אָן און קום מיט אונז שפּאַצירען!

די טאָכטער: — איך וויל היינט נישט געהן שפּאַצירען.

די מוטער: — דאָס איז שוין דער דריטער טאָג ווי דו ענטזאָגסט זיך צו געהן שפּאַצירען מיט דיין מוטער! (פערטיעפט אין געדאַנקען) קען דאָס געמאָהלט זיין? — — געה ארויס אויף דער ווערענדע, העלענע, איך האָב עטוואָס צו רעדען מיט דער טאַנטע.

די טאָכטער: — (געהט אַרויס אויף דער ווערענדע.)

די מוטער: — גלויבסטו אַז ס'איז מעגליך?

די גארדעראָבין: — וואָס?

די מוטער: — אז זי האָט זיך פון ערגעץ עפּעס דערהערט?
די גאַרדעראָבין: — דאָס קען נישט מעגליך זיין!
די מוטער: — עס קען זיך אַלעס טרעפן! איך גלויב אפילו נישט אז עמיצער האָט געקאָנט זיין אַזוי אונמענשליך צו זאָגן עס איהר אין די אויגען. איך האָב געהאַט אַ פּלי־מעניק, אַ ברודערס אַ זוהן, וועלכער איז אַלט געווען זעקס און דרייסיג יאָהר איידער ער האָט זיך דערוואוסט אַז זיין פאָטער איז געווען אַ זעלבסטמערדער — אָבער אונטער העלענעס פערענדערטער אויפפיהרונג ליגט יאָ עפּעס. מיט אַכט טאָג צוריק האָב איך באַמערקט אַז מיין געגענוואַרט אויפ'ן שפּאַציער קוועלט זי. זי האָט געוואָלט געהן איינע אַליין, זי איז געווען נערוועז, זי האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדען און האָט געוואָלט געהן אַהיים! דאָס בעדייטעט עפּעס!
די גאַרדעראָבין: — אויב איך פערשטעה דיך ריכטיג הייסט עס, זי האָט זיך געשעמט מיט דיר — מיט דער אייגענער מוטער?
די מוטער: — יאָ!
די גאַרדעראָבין: — דאָס איז שוין צופיעל!
די מוטער: — נאָך מעהר. שטעל זיך נור פאָר. זי האָט אויסגעמיידעט מיך פאָרצושטעלען פאַר איהרע פריינדע, וועלכע מיר האָבען באַגעגענט אַרויסגעהענדיג פון שיף!
די גאַרדעראָבין: — ווייסטו וואָס איך דיינק! — יי האָט זיך געטראָפען מיט וועמען וואָס איז אהער אָנגעקומען אין פערלויף פון די לעצטע אַכט טאָג. — לאָמיר נעמען אַ שפּאַציער צו דער פּאָסט און אויסגעפינען ווער זיינען די לעצטע געסט.
די מוטער: — יאָ, לאָמיר דאָס טהאָן! — העלענע! טו אַ ווייל אַכטונג אויפ'ן הויז. מיר געהען אויף דער פּאָסט!
די טאָכטער: — גוט, מאמע!
די מוטער: — (צו דער גאַרדעראָבין) מיר ווייזט זיך אויס אַקוראַט ווי מיר וואָלט זיך דאָס אַלעס גע'חלום'ט. —
די גאַרדעראָבין: — יאָ, חלומות ווערען אַמאָל מקוים

— דאָס ווייס איך — אָבער נישט די שעהנע. (זעה געהען אָב דורך רעכטס.)

(די טאָכטער ווינקט ארויס; ליזע קומט אַריין אַנגעטהאָן אין אַ ווייסען טעניס־אנצוג, און אין אַ ווייסען הוט.)

ל י ז ע : — זיי זענען אוועקגעגאנגען?

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — יאַ, פאַר אַ ווײַלע.

ל י ז ע : — וואָס האָט די מוטער געזאָגט?

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — איך האָב איהר נישט געוואָגט צו פרעגען! זי איז אַזוי שטרענג!

ל י ז ע : — אָרימע העלענע! דו געהסט אַלזאָ נישט מיט צום אויספאָהר! און איך האָב זיך שוין אַזוי געפרייט — ווען פרייט — ווען דו וואָלסט וויסען ווי ליעב איך האָב דיך (קושט זי.)

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — ווען דו זאָלסט וויסען וואָס פאַר אַ בעדייטונג דיין בעקאנטשאַפט און דער פערקעהר אין אייער הויז דו וואָלסט וויסען ווי ליעב איך האָב דיך (קושט זי.)
די לעצטע טעג האָט געהאט פאַר מיר, איך — יעצט וואָס בין ביז איצט קיינמאָל ניט געווען צווישען געבילדעטע מענשען. בערעכען וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס האָט געהאט אויף מיר, וואָס האָט געלעבט אין אַ גהינום, וואו די לופט איז שטיקענד, וואו מענשען פון אַן אונבעשטמיטער, געהיימניס־פאָלער עקזיסטענץ דרעהען זיך ארום מיר סוד׳ענדיג, זידלענדיג און קריגענדיג זיך; וואו איך האָב קיינמאָל ניט געהערט קיין פריינדליך וואָרט, און בין נאָך זעלטענער געצערטעלט געוואָרען, און וואו מיין נשמה איז געהיט געוואָרען ווי אַ פערברעכער אין אַ געפענגניס — אָה, ס׳איז מיין מוטער פון וועמען איך רעד, און עס טהוט אַזוי וועה, אַזוי וועה, אַזוי וועה! און דו וועסט מיר נור פעראַכטען!

ל י ז ע : — מען קען ניט זיין פעראַנטוואָרטליך פון וואָס פאַר אַ מענשען מען קומט ארויס, אָן —

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — ניין, אָבער מען מוז דערפון ליידען! יעדענפאַלס הייסט עס אַז מען קען אָבלעבען ביז׳ן טויט אריין נישט געוואָהר ווערענדיג וואָס פאַר אַ מענשען די עלטע־

רען מיט וועלכע מען האט געלעבט זענען געוועז, מחמת מען הערט עס אפילו, גלויבט מען אויך נישט!

**ליזע:** — (פערלעגען) האסטו עטוואס געהערט?

**די טאכטער:** — יא, ווען איך בין דא געוועז דריי טאג האב איך געהערט עמיצען רעדען דורכ'ן צווישען-שייד, וועגען מיין מוטער, ווייסטו וואס זיי האבען געזאגט?

**ליזע:** — דארפסט זיך גאר נישט ערגערען —

**די טאכטער:** — זיי האבען געזאגט אז זי איז געוועז א שלעכטע פרוי! — מיר האט זיך עס נישט געוואלט גלויבען, איך וויל עס נאך יעצט נישט גלויבען, אבער איך פיהל אז ס'איז אמת. יעדער זאך צייגט אז דאס איז אן אמת — און איך שעהם זיך! איך שעהם זיך מיט איהר אויפ'ן גאס צו געהן. מיר דוכט זיך אז די מענשען טייטלען אויף אונז מיט די פינגער, אז די מענער ווארפען אויף אונז בליקען — ס'איז שרעקליך! אבער איז עס אמת? זאג מיר צו דו גלויבסט אז ס'איז אמת?

**ליזע:** — מענשען האבען א טבע צו זאגען ליגען, און איך אליין וויים נישט.

**די טאכטער:** — יא, דו ווייסט עפּיס! דו ווייסט, און דו ווילסט מיר נישט זאגען, און איך דאנק דיר דערפאר. אבער איך בין אזוי אונגליקליך צו דו זאגסט צו נישט!

**ליזע:** — מיין ליעבע פריינדין, טרייב זיך ארויס די געדאנקען פון קאפ און קום היינט צו אונז, וואו דו וועסט טרעפען מענשען וועלכע קענען דיר צונוץ קומען. מיין פאטער איז היינט אין דער פריה אהיימגעקומען און וויל דיך זעהן. דו דארפסט וויסען אז איך האב איהם אין מיינע בריעף געשריבען וועגען דיר, און מיין שוועסטערקינד, געראהארט, גלויב איך האט אויך געשריבען וועגען דיר.

**די טאכטער:** — דו האסט א פאטער, איך האב עס אויך געהאט ווען איך בין נאך געוועזן גאר יונג. —

**ליזע:** — וואו איז ער יעצט?

**די טאכטער:** — די מאמע זאגט ער האט אונז פערלאזען וויל ער איז געוועזן זעהר א שלעכטער מענש!

ל י ז ע : — דאָס קען מען נישט וויסען — יאָ. — איך וויל דיר זאָגען נאָך איין זאַך: אויב דו געהסט היינט מיט אונז, וועסטו טרעפען דעם דירעקטאָר פון גרויסען טהעאַטער, און עס קען זיין אז עס זאָל קומען צו אַן אָבמאַך.

ד י ט אָ כ ט ע ר : — וואָס זאָגסטו?

ל י ז ע : — יאָ, אזוי איז עס, און ער אינטערעסירט זיך מיט דיר — דאָס הייסט געהערט און איך האָב איהם אין דיר פער־אינטערעסירט און דו ווייסט דאָך ווי ווייניג מען קען וויסען וועגען אַ מזל זאַך: מען זעהט זיך פערזענליך. אַ גוט וואָרט וואָס מען וואַרפט אריין אין ציים. יעצט קענסטו מעהר נישט זאָגען ניין, סיידען דו ווילסט זיך אליין שטעהן אין וועג!

ד י ט אָ כ ט ע ר : — טהייערע. צו איך וויל! דאָס ווייסטו. אָבער איך געה נישט אָהן דער מאַמען.

ל י ז ע : — ווארום נישט. קענסטו מיר אָנגעבען אַ גרונד?

ד י ט אָ כ ט ע ר : — איך וויים נישט. זי האָט מיך געלערענט אזוי רעדען ווען איך בין נאָך געוועזען אַ קינד, און דאָס האָט זיך אין מיר טיעף איינגעוואָרצעלט.

ל י ז ע : — זי האָט ביי דיר גענומען אַ וואָרט?

ד י ט אָ כ ט ע ר : — ניין. זי האָט נישט בעדאַרפט. זי האָט געזאָגט: רעד אזוי! און איך האָב עס געטהאָן!

ל י ז ע : — מיינסטו אז דו וואָלסט איהר אונרעכט געטהאָן, ווען דו וואָלסט פון איהר אוועקגעגאַנגען אויף אַ פּאָר שעה?

ד י ט אָ כ ט ע ר : — איך גלויב נישט אז איך זאָל איהר פעה־לען, ווייל ווען איך בין אין הויז האָט זי אימער טענות צו מיר. אָבער איך וואָלט זיך געפיהלט זעהר שטאַרק גע־קרענקט ווען איך זאָל געהן ערגעץ וואו זי קען מיט מיר נישט מיטגעהן.

ל י ז ע : — האָסטו ווען געטראַכט וועגען דער מעגליכקייט דיין מוטער זאָל קומען אין אונזער געזעלשאַפט?

ד י ט אָ כ ט ע ר : — ניין, איך האָב וועגען דעם קיינמאָל נישט געטראַכט!...

ל י ז ע : — אָבער ווען דו וועסט אמאָל חתונה האָבען!

די טאכטער: — איך וועל קיינמאל נישט חתונה האבען!

ליזע: — האט דיך דיין מוטער אויך דאס געלערענט צו זאגען?

די טאכטער: — וואהרשיינליך! — יא, זי האט מיך שטענ־דיג געווארענט פאר די מענער!

ליזע: — פאר אן אייגענעם מאן אויך?

די טאכטער: — איך גלויב אזוי.

ליזע: — הער, העלענע, דו מוזט זיך ווירקליך בעפרייען!

די טאכטער: — פוי, איך וואלט זיכער ניט וועלען ווערען קיין פרייע!

ליזע: — ניין, איך מיין נישט אזעלכע, אבער דו מוזט זיך בע־פרייען פון די אבהענגיגקייט פון וועלכע דו ביזט שיין ארויסגעוואקסען, און וועלכע קען דיר מאכען אונמעגליך צו לעבען.

די טאכטער: — דאס מיין איך, וועל איך קיין מאל נישט קענען. בערעכבען דאך ווי איך בין פון קינדוייז אן צוגע־שמיעדט געווארען צו דער מוטער; איך האב קיינמאל נישט געוואגט צוצולאזען א געדאנק וואס איז נישט געווען איהר־רער, האב קיין מאל נישט געוואגט צו ווינשען עפעס אנ־דערש ווי איהר וואונש! איך ווייס אז עס שטערט מיר, אז דאס איז מיר א שטיין אין וועג, אבער איך קען דערצו גאר נישט טהאן.

ליזע: — און ווען דיין מוטער זאל שטארבען בלייבסטו הילפ־לאז געגען דער ווירקליכקייט פון לעבען.

די טאכטער: — יא, אין דער לאגע וועל איך זיך מוזען געפינען.

ליזע: — אבער דו האסט קיין בעקאנטשאפט, קיין פריינד, אין א מענש קען אליין נישט לעבען. דו מוזט דיר א שטיצע זו־כען! ביזטו קיין מאל נישט געווען פערליעבט?

די טאכטער: — איך ווייס נישט! איך האב קיין מאל נישט געוואגט צו טראכטען אזא זאך, און קיין יונגערמאן האט מיר ניט געקאנט זעהן — דורך דער מאמען! — טראגסט דו זיך ארום מיט אזעלכע געדאנקען?

ל י ז ע : — יא, איך וואָלט זעהר וועלען זיין געליעבט פון איינעם וואָס איך זאָל קענען האָבען!

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — דאַן וועסטו אודאי חתונה האָבען מיט דיין שוועסטערקינד, געהערט?

ל י ז ע : — איך וועל דאָס קיין מאָל נישט טהאָן ווייל ער האָט מיך ניט ליעב!

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — נישט?

ל י ז ע : — ניין! ווייל ער האָט דיך ליעב!

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — מיך?

ל י ז ע : — יא, און ס'איז איינע פון מיינע אויפגאַבען איבערצוגעבען זיין ביטע, איהם צו ערלויבען דיך צו בעזוכען.

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — דאָ? ניין דאָס נישט! און גלויבסטו אַז איך וואָלט דיר וועלען שטעהן אין וועג? און מיינסטו אַז איך קען דיך אָבשאַפען פון זיין נייגונג, אין דער צייט וואָס דו ביזט אַזוי שעהן, אַזוי פיין. (לייגט ליזע'ס האַנד אין איהרע) אַזאַ האַנד! איך האָב געזעהן דיין פוס, טהייערע, וועהרענד מיר זענען געוועזן אין באַד־הויז (פאַלט אויף דער קניע פאַר ליזען וועלכע האָט זיך געזעצט) אַזאַ פוס אין וועלכען אַ נאָגעל איז אפילו ניט פערפלעקט, אין וועלכען די שפּיצען זענען אַזוי רונד, אַזוי רויזען־רויט ווי אַ קינדערישע הויט. (קושט ליזע'ס פוס) דו ביזט אַן ערדעלע פרוי, און פון אַן אַנדער שטאַף וואָס איך! —

ל י ז ע : — לאָז געמאַך און רעד נישט קיין נאַרישקייטען! (הויבט זיך אויף) ווען דו וואָלסט וויסען! — אָבער... —

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — און דו ביזט אודאי אַזוי גוט ווי שעהן, אַזוי מיינען מיר דאָ אונטען תמיד, ווען מיר זעהען אייך אויבען מיט די קלאָרע, ווייכע געזיכטער, אין וועלכע די נויט האָט נישט איינגעקריצט איהרע סמנים און די קנאה איהרע העסליכע ליניען.

ל י ז ע : — הער העלענע, איך וואָלט געקענט גלויבען אַז דו ביזט אין מיר פערליעבט. — — —

ד י  ט אָ כ ט ע ר : — יא, איך בין עס! איך בין גלייך צו דיר אַזוי ווי אַ לעבער־בלום איז גלייך צו אַן אַנעמאָנע, און

דערפאַר זעה איך אין דיר מיין בעסערען איך, עטוואָס וואָס איך וואָלט וועלען זיין, וועל עס אָבער קיין מאָל נישט קע־נען ווערען. דו ביזט מיר אנטקעגען געקומען אזוי ריין, אזוי ווייס ווי א מלאך, צום סוף זומער; איצט איז הערבסט, און אין א פּאָר טאָג פאָהרען מיר צוריק אין שטאָדט — דאָן וועלען מיר זיך מעהר נישט קענען — און מיר דאַר־פען זיך נישט קענען — דו קענסט מיך נים ערהויבען אָבער איך קען דיך אַרונטערציהען. און דאָס וויל איך נישט! איך וויל דו זאָלסט זיין אזוי הויך, און אזוי ווייט אוועק, אז איך זאָל נישט קענען זעהן דיינע מאנגלען. דארום, זיי געזונד, ליזע, מיין ערשטע און איינציגע פריינדין...

ליזע: — ניין. דאָס איז שוין צופיעל! — העלענע! ווייסטו ווער איך בין! — — — איך בין דיין שוועסטער!

די טאָכטער: — דו? וואָס הייסט?

ליזע: — דו און איך האָבען איין טאַטען!

די טאָכטער: — און דו ביזט מיין שוועסטער, מיין שוועס־טערל — אָבער וואָס איז מיין פּאָטער? ער מוז געווים זיין א קאָמאנדיר־קאפּיטאן, ווייל דיין טאַטע איז עס דאָך. ווי נאַריש איך בין! אָבער ער איז דאָך פערהייראַט, ווייל — איז ער גוט צו דיר? צו מיין מוטער איז ער עס נישט געוועזן.

ליזע: — דאָס ווייסטו נישט! אָבער פרייסט דו זיך נישט וואָס דו האָסט בעקומען א שוועסטער און א שוועסטער וואָס שרייט נים?

די טאָכטער: — אה, איך פריי מיך אזוי, אז איך ווייס נישט וואָס איך זאָל זאָגען — (זיי אומאַרמען זיך) אָבער איך וואָג נישט אמת גליקליך צו זיין, ווייל איך ווייס נישט וואָס יעצט וועט געשעהן! וואָס וועט די מאַמע זאָגען, און וואָס וועט זיין ווען מיר וועלען דעם טאַטען באַגעגענען?

ליזע: — לאָז דיין מאַמען אויף מיר, זי קומט אודאי באַלד, און האַלט זיך אין א זייט ביז דו וועסט גויטיג זיין! נו, קום און גיב מיר פריהער א קוש. (זיי קושען זיך.)

די טאָכטער: — מיין שוועסטער! ווי זאָנדערבאַר דאָס

ווארט קלינגט, פונקט ווי דאס ווארט פאטער, ווען מען
האט דאס קיינמאל נישט ארויסגערעדט —

ליזע: — לאמיר יעצט נישט רעדען גלאט אין דער וועלט אריין,
גור צו דער זאך. — גלויבסטו אז דיין מוטער וועט דיך
אויך יעצט נישט לאזען געהן צו אונז? צו דיין שוועסטער
און צו דיין פאטער?

די טאכטער: — אהן דער מאמען? — אה, זי האסט דיין;
— מיין פאטער אזוי שרעקליך.

ליזע: — אבער ווען זי האט קיין אורזאכען דאפיר? ווען די
וואלסט וויסען וויפיעל די וועלט איז מיט ליגען און בע־
טרוג! טעות'ן און מיספערשטענדניסען! מיין פאטער האט
דערצעהלט פון זיינעם א גוטען חבר וואס ער האט געהאט
וועהרענד ער האט אנגעפאנגען צו ארבייטען אויפ'ן שיף
אלס א פרייוויליגער סאלדאט. עס איז ארויסגע'גנב'עט
געווארען א זייגערעל פון אן אפיצירס קאיוטע. און מען
האט געקראגען א פערדאכט אויף זיין חבר, נאט וויים פאר
וואס. די חברים האבען זיך פון איהם דערווייטערט. דאס
האט איהם אזוי פערביטערט, אז עס איז אונמעגליך געווען
צו האבען צו טהאן מיט איהם. ער האט זיך אנגעפאנגען
צו שלאגען מיט איטליכען, און האט געמוזט נעמען דעם
וועג. צוויי יאהר שפעטער האט מען אויסגעפונען דעם
אמת'ן גנב, אבער דער אונשולדיגער האט קיין שאדענער־
זאץ פאר עהרע בעליידיגונג נישט געקענט פאדערען, ווייל
מען האט דאך אויף איהם בלויז געהאט א פערדאכט. און
דער פערדאכט איז איהם געבליבען אויף זיין גאנצען לע־
בען, אבוואהל עס האט זיך ארויסגעצייגט פאר פאלש. מען
רופט איהם נאך ביז היינט ביי דעם נאמען וואס ער האט
געקראגען. דער צונאמען איז אויסגעוואקסען ווי א הויז.
דער פונדאמענט פון וועלכען עס איז געווען זיין שלעכטער
נאמען; און וואלט מען דעם פונדאמענט אפירגעריסען,
וואלט די געביידע דאך געבליבען שטעהן, שוועבענדיג אין
דער לופט ווי דער שלאס פון טויזענד און איין נאכט.
זעהסט, אזוי קען עס צוגעהן אין דער וועלט! אבער עס

קען נאָך ערגער טרעפען. דאָס צ. ב. וואָס איז פאַרגעקומען מיט דעם אינסטרומענטען מאכער אין ארבאַנע, וועלכער האָט בעקומען דעם נאָמען אונטערציינדער, ווייל מען האָט ביי איהם געמאכט א פייער. אָדער א געוויסען אנדערסאָן, וועלכער האָט בעקומען דעם נאָמען גנב, ווייל ער איז געווען דער אָפּפער פון א זעהר בעקאַנטער גנבה.

**די טאָכטער:** — מיט דעם אַלעם מיינסטו צו זאָגען אַז מיין פאָטער איז גאָר נישט אזוי שלעכט ווי איך מיין?

**ליזע:** — טאַקע דאָס וואָס איך מיין!

**די טאָכטער:** — אזוי האָב איך געזעהן אין מיינע חלומות, זייט איך האָב פערלוירען יעדע עראינערונג וועגען איהם — איז ער נישט פון מיטלער הויך מיט א טונקלער באָרד און גרויסע בלויע אויגען...

**ליזע:** — יאַ, אונגעפעהר אזוי!

**די טאָכטער:** — און דאַן ווארט, איצט דערמאָן איך זיך — זעהסטו דאָס זייגערל! ביים קייטעלע איז דאָ א קליינער קאָמפּאַס — און אין דעם קאָמפּאַס געפינט זיך, אין דעם פּלאַץ וואו עס איז אָנגעשריבען דרום, אַן אויג! — ווער האָט דאָס מיר געגעבען?

**ליזע:** — דיין פאָטער! איך האָב געזעהן ווי ער האָט דאָס זיי־נערל געקויפט!

**די טאָכטער:** — דאַן האָב איך דאָס איהם אייניגע מאָל בעמערקט אין טהעאַטער בשעת איך האָב געשפּיעלט — ער איז תמיד געזעסען אין דער לינקער לאָזשע און האָט זיי־נע אָפּערא גלעזער געהאַלטען אויף מיר געריכטעט — — איך האָב נישט געוואוסט וועגען דעם צו רעדען מיט מיין מוטער, ווייל זי האָט שטענדיג מורא געהאַט פאַר מיר — — — און איינמאָל האָט ער מיר געוואָרפען בלומען, אָבער די מאַמע האָט זיי פערברענט. — גלויבסט דו אַז דאָס איז ער געווען?

**ליזע:** — ער איז עס געווען, און קאָנסט זיך דערויף פערלאָזען, אַז זיין אויג איז דיר אין פערלויף פון די פיעלע יאָהרען, נאָכגעגאַנגען אזוי ווי דאָס אויג פון קאָמפּאַס.

די טאָכטער: — און דו זאָגסט אז איך זאָל איהם זעהן, אז ער וויל זיך מיט מיר טרעפען! עס איז ווי א צויבער־מעשה'לע — — —

ליזע: — א סוף מיט דעם! איך הער דיין מאמען קומען — ציה זיך צוריק. איך מוז די ערשטע געהן אין פייער.

די טאָכטער: — איך פיהל אז דאָ זועט יעצט פאָרקומען עטוואָס שרעקליכעס! ווארום קענען די מענשען נישט לע־בען אין פריעדען! אָה, ווען עס זאָל שוין זיין אריבער! ווען די מאמע זאָל וועלען זיין גוט — — איך וועל אין דרויסען נאָט בעטען ער זאָל זי לייטזעליג מאכען — — — אָבער דאָס קען ער נישט, אָדער וויל עס נישט. איך וויים נישט פאר וואָס!

ליזע: — ער קען עס און וויל עס ווען דו זאָלסט נור האָבען א ביסעל גלויבען, גלויב א ביסעל און דעם גליק און אין דיין אייגענע קראפט.

די טאָכטער: — קראפט? צו וואָס, אונ'ברחמנות'דיג צו זיין? דאָס קען איך נישט! און דער געגום פון גליק וועל־כער איז ערווארבען מיט די טרעהרען פון אנדערע קען ניט זיין דויערהאפטיג,

ליזע: — אזוי! פערגעם זיך!

די טאָכטער: — איך וואונדער זיך נור ווי דו גלויבסט אז דאָס וועט האָבען א גוטען סוף!

ליזע: — שטיל!

די מוטער: — (קומט אריין).

ליזע: — ווערטהע פרוי — —

די מוטער: — פריילין — —

ליזע: — איהר האָט דאָך א טאָכטער — —

די מוטער: — יא, איך האָב א טאָכטער אָבוואָהל איך בין א פריילין, און איך בין נישט די איינציגע, און דארום שעהם איך זיך ניט — — איבער וואָס האנדעלט זיך עס?

ליזע: — מיין אויפגאבע איז אויך אייגענטליך צו פרעגען אויב פריילייז העלענע קען אנטהייל נעמען אין א שפאציער רייזע, וועלכע איינינע געסט האָבען אראנזשירט.

די מוטער: — האָט העלענע ניט אַליין געענטפערט דערויף?

ליזע: — יאָ, זי האָט זעהר ריכטיג געענטפערט: איך זאָל זיך ווענדען צו אייך.

די מוטער: — דאָס איז נישט געווען קיין אויפריכטיגער ענט־פער — העלענע, מיין קינד, ווילסט דו אַננעמען אן איינ־לאַדונג ביי וועלכע דיין מוטער וועט נישט זיין?

די טאָכטער: — אויב דו וועסט עס מיר ערלויבען, יאָ!

די מוטער: — איך ערלויבען? וואָס פאַר א דעה האָב איך איבער אזא ערוואַקסען מיידעל? דו זאָלסט יעצט אַליין זאָגען דעם פריילין וואָס דו ווילסט. צו ווילסט דו לאָזען זיצען דיין מוטער אין הויז מיט בושה, בעת דו וועסט זיין אוועק און זיך אונטערהאַלטען, צו ווילסטו אז די מענשען זאָלען דיך פרעגען אויף דיין מוטער און די זאָלסט מוזען אויסמיידען דעם ענטפער: זי איז נישט איינגעלאַדען דער־פאַר אָדער דערפאַר. זאָג יעצט אַליין וואָס די ווילסט.

ליזע: — פריילין, לאָמיר נישט שטרייטען מיט ווערטער. איך וויים גענוי העלענעס אנזיכט אין דער אנגעלעגענהייט, און איך פערשטעה אויף אייער ברענגען זי דערצו זי זאָל ענט־פערען ווי איהר ווילט. ווען איהר האַלט ווירקליך אזוי פיעל פון אייער טאָכטער, וויפיעל איהר זאָגט, דאַן דאַרפט איהר וועלען איהר טובה, און ווען דאָס זאָל אפילו פאַר אייך זיין אביסעל שמערצליך.

די מוטער: — הערט מיין קינד; איך וויים ווי איהר הייסט און ווער איהר זענט. אַבוואָהל איך האָב נישט געהאַט די עהרע פאַר אייך פאַרגעשטעלט צו ווערען, אָבער איך וואָלט וועלען וויסען צו קאָן אייער יוגענד מיין עלטער לערנען.

ליזע: — ווער וויים? איך האָב זעקס יאָהר לאַנג, זייט מיין מוטער איז געשטאָרבען אָבגעגעבען מיין צייט, מיינע יונגע שוועסטער צו ערציהען, און איך האָב געמאַכט די ערפאַה־רונג, אז עס זענען פאַרהאַנען מענשען, וועלכע לערנען קיינ־מאָל גאַרנישט אוים פון לעבען, ווי אַלט זיי זאָלען ניט זיין.

די מוטער: — וואָס האָט איהר אַלזאָ געוואָלט זאָגען?

ליזע: — איך האָב געוואָלט זאָגען אז אייער טאָכטער האָט יעצט

א געלגענהייט ארויסצוטרעטען אין לעבען. ענטוועדער זעהן איהר טאלאנט אנארקענט, אדער צו מאכען א פער־בינדונג מיט א וואהל האבענדען יונגען מאן —

די מוטער: — דאס קלינגט אפילו שעהן, אבער וואס דענקט איהר מיט מיר צו טהאן?

ליזע: — דא האנדעלט זיך עס נישט פון אייך, זאנדערען פון אייער טאכטער! — קענט איהר ניט אן אווינענבליק דענ־קען פון איהר נישט אין זינען האבענדיג זיך?

די מוטער: — נא, איהר פערשטעהט, ווען איך טראכט ווע־גען זיך טראכט איך וועגען מיין טאכטער, ווייל זי ליעבט איהר מוטער —

ליזע: — דאס גלויב איך נישט! זי האט זיך אין אייך אנגע־שלאסען. ווייל איהר האט זי פון אלע אנדערע אבגעריסען. און אזוי ווי איהר האט זי פון איהר פאטער אבגעריסען האט זי זיך געמוזט אין איינעם האלטען.

די מוטער: — וואס זאגט איהר?

ליזע: — אז איהר האט דאס קינד אבגעריסען פון פאטער, בעת ער האט זיך ענטזאגט אייך צו הייראטען. נאכדעם ווי איהר זענט איהם געווארען אונטריי. איהר האט איהם גע־הינדערט זיין קינד צו זעהן און מיט אייער פעהלער־שריט האט איהר זיך נוקם געווען און איהם און אין זיין קינד!

די מוטער: — העלענע, גלויב נישט א ווארט פון דאס אלעס וואס זי זאגט! — וועה וואס איך מוז אזוינס איבערלעבען, אז א פרעמדער זאל קומען אין מיין הויז און מבזה זיין אין דער אנוועזענהייט פון מיין קינד!

די טאכטער (קומט נעהענטער): — דו דארפסט ניט זאגען קיין שלעכטס אויף מיין מוטער —

ליזע: — דאס איז אונמעגליך, ווען איך וויל רעדען גוטעס פון מיין פאטער — דערוויל הער איך אז דיעזער געשפרעך קומט צו אן ענדע — לאזט מיך אלזא אייך צוויי עצות גע־בען: דערווייטערט די קופלערען וועלכע געפינט זיך אין אייער הויז אונטער דעם אויסרעד פון א טאנטע, דאס איז נומער איינס! דאן האלט אין ארדנונג אלע קוויטירונגען

פון די געלדער, וועלכע איהר האָט בעקומען פון מיין פאָטער פאַר העעלנעם ערציהונג, ווייל איהר וועט גאַר אין גיכען מוזען אָבגעבען חשבון! דאָס איז נומער צוויי! יעצט אן עקסטרא נומער! — הערט אויף צו פערפאָלגען אייער טאָכטער מיט אייער גזועלשאפט אויף די גאסען און איבער־הויפט אין טהעאטער. וועו ניט איז זי אזוי ווי אויסגע־שלאָסען פון יעדע אגאזשירונג. און דאן וועט איהר פער־קויפען די צניעות פון אייער טאָכטער, אזוי ווי איהר האָט ביז יעצט פערזוכט צוריקצוקויפען אייער פערלוירענעם אנ־זעהן אויף די קאָסטען פון אייער טאָכטערס צוקונפט!

די מוטער (צוזאַמענגעבראָכען).

די טאָכטער (צו ליזע'ן): — פערלאָז דאָס הויז. ביי דיר איז קיין זאך נישט הייליג, אפילו ניט די מוטערליכקייט.

ליזע: — וואָס פאַר א הייליגע! ס'איז פונקט אזוי ווי קינדער וואָס שפּייען זיך איינס דאָס אנדערע אין פּנים און דער־נאָך זאָגען זיי „פּעקס" און זיינען ווייטער הייליגע.

די טאָכטער: מיר קומט יעצט פאַר, ווי דו וואָלסט יעצט קו־מען צו צושטערען און נישט אויפריכטען — —

ליזע: — איך בין אהער געקומען איהם אויפצוריכטען — מיין פאָטער, וועלכער איז געווען אונשולדיג, פונקט ווי דער אונ־טערציינדער וועלכען מען האָט אונטערגעצונדען. איך בין געקומען אויפריכטען דיך וואָס ביזט געווען א קרבן פון א פּרוי וועלכע קען אויפגעריכט ווערען, נור דורך דעם וואָס זי ציהט זיך צוריק. ווי קיינער שטערט זי נישט און זי שטערט קיינעם נישט. דאָס איז געווען מיין אויפגאבע, און יעצט האָב איך עס דורכגעפיהרט! זייט געזונד!

די מוטער: — געהט נישט אוועק, איידער איך זאָג נישט נאָך איין וואָרט! איהר זענט אהער געקומען — א חוץ די אלע אנדערע נארישקייטען — אום העלענע צו זיך איינלאַדען.

ליזע: — יא, ווי זי האָט זיך געזאָלט טרעפען מיט'ן דירעקטאָר פון גרויסען טהעאטער, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט איהר.

די מוטער: — וואָס? דעם דירעקטאָר! איהר האָט מיר ווע־

גען דעם גאר נישט געזאגט ! נו, נאטירליך דארף העלענע געהן אליין ! יא, אהן מיר !

(די טאָכטער מאַכט אַ בעוועגונג.)

ל י ז ע : — זעהט איהר איצט זענט איהר אַ מענש ! העלענע, דו קענסט געהן ! דו הערסט ?

ד י ט אָ כ ט ע ר : — יא, אָבער איצט וויל איך נישט !

ד י מ ו ט ע ר : — וואָס רעדסט דו נארישקייטען!

ד י ט אָ כ ט ע ר : — ניין, איך פּאַס זיך נישט דאָרט אהין, איך וועל נישט געדייהען אין דער געזעלשאפט פון די וועלכע פעראכטען מיין מוטער !

ד י מ ו ט ע ר : — וואָס זענען דאָס פאר אַ רייד ! ווילסט דו זיך אליין שטערען ? זיי אזוי גוט און טו זיך אָן זאָלסט אויס־זעהן לייטיש !

ד י ט אָ כ ט ע ר : — ניין, איך קען נישט, איך קען פון דיר יעצט ווען איך ווייס אלעס, ניט אוועקגעהן. איך וועל קיין מאָל מעהר האָבען קיין פרעהליכע מינוט — איך וועל קיינמאָל ניט קענען גלויבען אין עפּעס...

ל י ז ע (צו דער מוטער) : איצט שניידט איהר די פרוכט פון אייערע רייד — און וועט אמאָל קומען אַ מאַן און נעהמען אייער טאָכטער צו זיך אַ היים, וועט איהר אויף דער עלטער בלייבען זיצען אליין, אין איינזאמקייט, אין צייט האָבען חרטה צו האָבען אויף אייער נארישקייט. בלייבט געזונד ! (געהט צו העלענען און קושט איהר אין שטערען) בלייב געזונד. מיין שוועסטער !

ד י ט אָ כ ט ע ר : — געה געזונד !

ל י ז ע : — מיר און די אויגען מיט אַ בליק פון האָפנונג !

ד י ט אָ כ ט ע ר : — דאָס קען איך נישט ! איך קאָן דיר אויך נישט דאנקען פאר דיין גוטען ווילען, ווייל דו האָסט מיר פערשאפט פיעל מעהר שמערצען ווי דו קענסט זיך פאַר־שטעלען. איך בין געשלאָפען ביים ברעג וואלד אונטער'ן שיין פון דער זון און דו האָסט מיך אויפגעוועקט מיט אַ שלאַנג —

ל י ז ע : — שלאָף אויף דאָס ניי איין און דאן וועל איך דיך וועקען

מיט בלומען און געזאנג ! — א גוטע נאכט ! — און שלאף געשמאק ! (געהט אַב.)

די מוטער: — א ליכטיגער מלאך אין ווייסע קליידער ! יא אַ טייפעל איז דאָס געווען ! אַן אמת'ער טייפעל ! אוי דו, ווי דום דו ביזט געווען ! וואָס איז דאָס פאר א קינדער־שפיעל ! צו זיין נעפיהלפאַל, בשעת די מענשען ווענען אזוי רויה !

די טאָכטער: — אוי ווי דו האָסט געקענט זיין אזוי פאלש צו מיר ; ווי איך האָב זיך אזוי פיעל יאָהרען געלאָזט נא־רען צו פערשפאָטען מיין פאָטער !

די מוטער: — וואָס לוינט זיך צו רעדען פון פאר־א־יאָהריגען שנעע.

די טאָכטער: — און דאַנען — די מוהמע אויגוסטע !

די מוטער: — שפיל. די מוהמע אויגוסטע איז אַן אויסגע־צייכענטע פרוי, וועלכער דו ביזט א גרויסער בעל־חוב —

די טאָכטער — דאָס איז דאָך אויך נישט אמת געווען — מיין פאָטער האָט דאָך מיך אויסגעהאַלטען —

די מוטער: — יא, אָבער איך האָב דאָך אויך געמוזט לעבען ! — ווי קליינליך דו ביזט און א בעל־נקמה ביזט דו אויך ! קענסטו נים פארגעסען א קליינע אוננעטוויעקיים — אַט איז אויגוסטע ! קום, יעצט וועלען מיר קליינע מענשעלעך זיך אונטערהאַלטען אזוי גוט ווי מיר וועלען קענען.

די גארדעראבין: — זעהסט דו, דאָס איז טאקע געווען ער ! איך האָב באלד פערשטאַנען.

די מוטער: — לאָמיר נישט רעדען פון דעם אויסוואורף —

די טאָכטער: — רעד נישט אזוי, מאמע, ווייל עס איז דאָך נישט אמת !

די גארדעראבין: — וואָס איז נישט אמת ?

די טאָכטער: — לאָמיר שפיעלען אין קאָרטען ! איך קען דאָך נישט איינוואַרפען די מויערען, וועלכע איהר האָט גע־בויעט אזוי פיעל יאָהרען ! — קומט ! (זי זעצט זיך ביים טיש און הויבט אָן צו מישען די קאָרטען.)

די מוטער: — זעהסט, ענדליך ביזט דו דאָך געקומען צום שכל ! פאָרהאנג.

# די שטאַרקערע

דראמא אין איין אַקט.

## פערזאנען:

פרוי עקס, שוישפיעלערין, פערהייראט.

פרײַליין וואי, שוישפיעלערין, אונפערהייראט.

די סצענע — אין אַ ווינקעל פון אַ דאַמען־קאַפע; צוויי קליינע אייזער־נע טישלאַך. אַ רויטע סאַמעטענע סאָפע און אייניגע שטוהלען.

פרוי עקס. — קומט אַריין. זי איז געקליידעט ווינטערדיג, טראָגט אַ הוט און אַ מאַנטעל און האַלט אַ שעהנעם יאַפּאַנעזישען קאָרב אין האַנד.

פריילײן וואי זיצט, נעבען איהר שטעהט אַ האַלב אויסגעטרונקענע ביער פלעשעל און לעזט אַן אילוסטרירטע צייטונג, וועלכע זי טוישט שפּעטער איבער פאַר אַן אַנדערע.

---

**פרוי עקס:** — גוטען־אָבענד, אַמעליע! — דו זיצט דאָ ווייה־נאַכט־אָבענד אַזוי איינע אליין, ווי אַן אָרעמע אַלטע מויד.

(פריילײן וואי הויבט אויף איהרע אויגען פון דער צייטונג, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און לעזט זיך ווייטער).

**פרוי עקס:** — ווייסטו, עס טהוט מיר ווירקליך וועה, דיך אַזוי צו זעהן אליין, איינע אליין אין אַ קאַפע, און נאָך דערצו ווייה־נאַכטס־אָבענד. עס טהוט מיר אַזוי וועה, ווי דאַ־מאָלס ווען איך האָב געזעהן אין פּאַריז אַ האָכצייט־סעודה אין אַ רעסטאָראַציע, און די כלה איז געזעסען און האָט גע־לעזען אַ וויצען־בלאַט, וועהרענד דער חתן האָט געשפּיעלט בילארד מיט די עדות. איך האָב דאַן ביי זיך געקלערט, ווען דער אָנפאַנג איז אַזעלכער, וואָס פאַר אַ פאָרטזעצונג קען דאָ שוין זיין, און וואָס פאַר אַן ענדע. ער האָט גע־שפּיעלט בילארד, דעם אָבענד פון זיין האָכצייט — ווייסטו דאָך זאָגען אַז זי האָט געלעזען אַ וויצען־בלאַט! — אָבער דו זעהסט דאָס איז עטוואָס גאַנץ אַנדערס.

(די קעלנערין קומט אַריין. שטעלט אַוועק אַ טאַסע־טשאָקלאַדע פאַר פרוי עקס און געהט צוריק אַרויס.)

**פרוי עקס:** — ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגען אַמעליע! יעצט גלויב איך אַז פאַר דיר וואָלט בעסער געווען, ווען דו פערלאָזט איהם נישט? עראינערסטו זיך דאָס איך בין געווען

די ערשטע וועלכע האָט דיר געזאָגט : פערצייה איהם !
דערמאָנסטו זיך דאָס ? דו וואָלסט שוין יעצט געקענט זיין
פערהייראט און האָבען א היים ; דערמאָן זיך נאָר אין פאָ־
ריגען ווייה־נאכט. ווי גליקליך דו האָסט זיך געפיהלט ווען
דו ביסט געווען אין דאָרף ביי דיין געליעבטען'ס עלטערן.
דו האָסט דאָס גליק וואָס דו האָסט געפיהלט אין זייער היים
טהייער געהאלטען, און דאָך געבענקט נאָכ'ן טהעאטער. יא,
טהייערע אמעליע, א היים איז דאָס בעסטע פון אלעס. דאן
קומט דאָס טהעאטער — און די קינדער, זעהסטו — יאָ,
אבער דאָס פערשטעהסטו נישט.

(פרייליין וואָי בליקט אויף איהר פערעכטליך).

פ ר ו י ע ק ס (טרינקט אייניגע לעפעלאַך פון דער טאַסע. דאַן עפענט זי דעם קאָרב און צייגט ווייה־נאַכטס־געשאָנקען) : — דאָ קענסטו זעהן וואָס איך האָב געקויפט פאר מיינע קליינטשי־גע חזירים'לאַך (זי נעהמט אַרויס א ליאלקע), דו זעהסט דאָס ! דאָס איז פאר ליעזען ! דו זעהסט זי קען מיט די אויגען ווינקען און מיט'ן האלז דרעהען ! און זעה ! — דאָ האָב איך מאיא'ס קארק־פיסטאלעט ! (זי לאַד אָן, און שיסט אויף פרייליין וואָי.)

(פרייליין וואָי מאַכט אַ דערשראָקענע מינע.)

פ ר ו י ע ק ס : — האָסט זיך דערשראָקען ? גלויבסטו אז איך האָב געוואָלט דיך דערשיסען ? וואָס ? איך גלויב אפילו נישט צו דו האָסט זיך געקענט פאָרשטעלען פאר איין מאָ־מענט אזאַ געדאנק ! ווען דו וואָלסט מיך געוואָלט דערשי־סען, וואָלט עס מיך נישט געוואונדערט, ווייל איך בין דיר געשטאנען אין וועג — און דאָס ווייס איך קענסטו קיינמאָל נישט פערגעסען — אבוואָהל איך בין אין גאנצען דעריגען אונשולדיג. דו גלויבסט נאָך אז איך האָב דיך ארויס אינ־טריגירט פון'ם טהעאטער. אָבער דאָס האָב איך נישט גע־טהון ! איך האָב עס נישט געטהון, אבוואָהל דו גלויבסט אז יאָ ! — אָבער פאר דיר איז דאָך דאָס גראדע דאָס זעלבע צו איך זאָג אזוי אָדער אזוי, ווייל דו גלויבסט דאָך אז איך בין עס געווען ! — (נעהמט אַרויס אַ פאָר געשטיקטע פאַנטאָפעל)

און די זענען פאר מיין אלטען. מיט טולפען־בלומען אויף זיי וועלכע איך האב אליין געשטריקט — איך אליין פערשטעהט זיך קען טולפען־בלומען נישט ליידען. אבער ער זאל צו אלע־מען האבען טולפען.

פ ר י י ל י י ן  ו ו א י  (קוקט איהר איראניש און נייגעריג אן.)

פ ר ו י  ע ק ס  (שטעקט אריין איהרע הענד אין די פאנטאפעל): — זעה נור וואס פאר א קליין פיסעל באב האט! וואס? און דו זאלסט זעהן וואס פאר אן עלעגאנטען גאנג ער האט! דו האסט איהם קיינמאל נישט געזעהן אין פאנטאפלען דו! (פריילייין וואי לאכט הויך.) קוק נאר אהער, דו זעהסט, דא איז ער. (זי מאכט דעם פאנטאפעל ארומגעהן אויפ'ן טיש.)

פ ר י י ל י י ן  ו ו א י  (לאכט הויך.)

פ ר ו י  ע ק ס: — און דאן ווען ער איז אין כעס, קלאפט ער אזוי מיט די פיס. „וואס! דו פערדאמטע מיידעל קען זיך קיינמאל נישט אויסלערנען ווי צו קאבען קאווע! אה! יעצט האבען שוין ווידער די אידיאטען נישט ריכטיג ארומ־געשניטען דעם לאמפען־קנויט!" און ווען עס ציהט א צוג דורך דער פאדלאגע, און זיינע פיס פריערען, שרייט ער: „פוי! ווי קאלט עס איז און די נארישע מיידלאך טוהען קיינמאל נישט אכטונג, אז דאס פייער אין אויוועו זאל נישט אויסגעהן"! (זי רייבט די זוילען און די אויבערלענדער פון די פאנטאפעל איינס אויף דאס אנדערע.)

פ ר י י ל י י ן  ו ו א י  (לאכט מיט א קלארען געלעכטער.)

פ ר ו י  ע ק ס: —און ווען ער קומט א היים און זוכט זיינע פאנ־טאפעל, וועלכע מארי האט פערשטעקט אונטער דעם שרייב־טיש. — אה, אבער עס איז א זינד זיך לוסטיג צו מאכען איבער אן איינגענעם מאן. ער איז יעדענפאלס א שעהנער, עדלער און בראווער מאן — דו וואלסט בעדארפט האבען אזעלכען אמעליע! — פון וואס לאכסטו? וואס? וואס? און איך וויים אויך, זעהסטו, אז ער איז מיר טריי; יא, איך ווייס דאס! דען דאס האט ער מיר אליין געזאגט — פון וואס קייכסטו אזוי? ווען איך בין געווען אויף מיין רייזע אין נארוועגען, איז געקומען יענע אבשייליכע פריער־

ריקע און האט איהם געוואלט פערפיהרען — קענסטו זיך פארשטעלען אזא ניעדערטרעכטיגקייט? — (פויזע.) אבער איך וואלט איהר אויסגעריסען די אויגען פון קאפ ווען יי וואלט געקומען ווען איך בין צו הויז! (פויזע.) ס'איז נאך גוט וואס באב האט עס מיר אליין דערצעהלט, און וואס איך האב זיך דאס נישט דערוואוסט פון רעדערייען (פויזע.) אבער פריעדריקע איז נישט געווען די איינציגע וואס האט דאס געוואלט טהאן! איך וויים נישט פאר וואס, אבער אלע פרויען ווערען משוגע נאך מיין מאן. זיי מוזען מיינען אז ער האט עפעס צו זאגען וועגען טהעאטער ענגאזשמענטס, ווייל ער איז פערבונדען מיט דער רעגירונג. — פיליכט ביסטו אויך געווען דארט ביי איהם און האסט געמיינט אז עס וועט דיר געלינגען איהם צו בעאיינפלוסען! — גאר א סך גלויב איך דיר אויך נישט! — אבער איך וויים אז ער האט זיך נישט געקימערט וועגען דיר, און דו ווידער צייגסט אוים אויף איהם צו טראגען א האס.

(פויזע. זיי בעטראכטען זיך פערלעגען.)

פרוי עקס: קום יעדענפאלס היינט אבענד צו אונז אמעליע, און צייג אז דו ביסט נישט בייז אויף איהם — יעדענפאלס אז נישט אויף מיר. איך וויים נישט פאר וואס, אבער איך פיהל זיך זעהר אונאנגענעהם ווען איך שטעל זיך גאר אז דו ביסט מיר א שונא. פיליכט דערפאר, ווייל איך בין דאמאלס געשטאנען אין דיין וועג. אדער — איך וויים ווירקליך אליין נישט — ווארום אייגענטליך! (פויזע).

פרייליין וואי (גלאצט אויף פרוי עקס נייגיעריג.)

פרוי עקס (געדאנקפאל): — אונזער בעקאנטשאפט איז געווען אזא מאדנע. — ווען איך האב דיך צום ערשטען מאל געזעהן, האב איך זיך אזוי געשראקען פאר דיר, אזוי געשראקען! אז איך האב נישט געקענט קוקען אויף דיין געזיכט; און דאך ווי איך בין געקומען און געגאנגען האב איך זיך געפונען אימער נעבען דיר. איך האב נישט געקענט וואגען צו ווערען דיין פיינדין, בין איך געווארען דיין פריינדין. אבער עס האט אימערצו געהערשט א דים־

הארמאָניע ווען דו ביסט געקומען צו אונז אין הויז, ווייל איך האָב געזעהן, אז מיין מאַן האָט דיך נישט געקענט לייַדען — און אין דער שטימונג פלעג איך זיך פיהלען אזוי שלעכט ווי אין אַ שלעכט געפּאסטע קלייד — און איך האָב געטהאָן אלעס וואָס איך האָב געקענט אז ער זאָל זיך האַלטען פריינדליך צו דיר — אָבער איידער דאָס איז מיר נאָך געלונגען — ביסטו פערלאָבט געוואָרען! — דאַן איז אויסגעוואקסען אַ שטארקע פריינדשאפט, אזוי אז ס'האָט אויסגעזעהן אין אַן אויגענבליק, אז דו האָסט יעצט אָנגעפאנגען וואָגען איהם ארויסצוצייגען דיינע ווירקליכע געפיהלען — ווען דו האָסט געזעהן אז דו ביסט שוין זיכער מיט איהם — און דאַן — ווי איז געוואָרען שפּעטער? — איך בין נישט געוואָרען אייפערזיכטיג — ווי וואונדערליך! — און איך עראינער זיך אין דער צייט ווען דו ביסט געווען פאטינס טויף־מוטער. און איך האָב איהם בעוועגט דיך צו קושען — ער האָט עס געטהאָן, און דו ביסט געוואָרען אזוי פערווירט — דאָס הייסט: דאַמאָלס האָב איך עס נישט בעמערקט — כ'האָב שפּעטער אויך נישט געדענקט דערפון — כ'האָב פריהער דעריבער נישט געדענקט ווי — יעצט! (הויבט זיך האַסטיג אויף) וואָרום שווייגסטו? דו האָסט וועהרענד דער גאנצער צייט קיין איין וואָרט גערעדט, נאָר מיך געלאָזט האַלטען אין איין רעדען! דו ביסט דאָ געזעסען און האָסט מיט דיינע אויגען די אלע געדאנקען פון מיר ארויסגעוויקעלט וועלכע זענען געלעגען ווי רויה־זייד אין זייער זייד־שיידעל — געדאַנקען — פערדעכטיגע געדאנקען. פּיליכט — לאָז מיך נאָר זעהן — וואָרום האָסטו אָבגעלאָזען דעם שידוך? וואָרום קומסטו זיך דאַן מעהר נישט צו אונז אין הויז? וואָרום ווילסטו הייגט אבענד צו אונז נישט קומען?

פ ר י י ל י י ן ו ו א י (מאַכט אַ מינע ווי זי וואָלט געוואָלט רעדען.)

פ ר ו י ע ק ס: שטיל! דו דאַרפסט גאָרנישט זאָגען, דען יעצט בעגרייף איך שוין אלעס אליין! — ס'איז געווען דערפאַר און דערפאַר! יאָ, יאָ! איך זעה שוין אלעס קלאָהר!

אזוי איז עס ! פפוי, איך וויל נישט זיצען מיט דיר ביי
איין טיש ! (לעגט איהרע זאכען אויפ'ן צווייטען טישעל.)
יעצט פערשטעה איך שוין ווארום איך האָב נעדאַרפט שטי־
קען טולפען־בלומען, וועלכע איך האס אויף זיינע פאנטאָ־
פעל, דערפאַר ווייל דו האָסט זיי ליעב : (וואַרפט די פאַנטאָ־
פעל אויפ'ן באָדען.) יאָ דערפאַר פערברענגען מיר דעם זו־
מער אויף די מעלאַר־בערג, ווייל דו קענסט נישטליידען
רעם געזאַלצענעם־ים ; מיין קינד ווערט דערפאַר גערופען
עסקיל דערפאַר ווייל דאָס איז דיין פאטערס נאָמען. דער־
פאַר טראָג איך דיינע פאַרבען, דארף לעזען דיינע שריפט־
שטעלער. דארף עסען דיינע מאכלים, וועלכע דו האָסט
ליעב, טרינקען דיינע געטראנקען — דיין שאָקאָלאדע, צום
ביישפיעל, — יאָ דערפאַר — אָה, מיין גאָט — ס'איז
שרעקליך ! אלעס, אלעס קומט פון דיר צו מיר, זאָגאַר דיי־
נע ליידענשאפטען ! דיין זעלע איז אריינגעקראָכען אין
מיינע ווי א וואָרים אין אן עפּיל, און האָט געפרעסען און
געפרעסען, געגראָבען און געגראָבען, ביז עס איז מעהר
נישט איבערגעבליבען ווי די אויסגעהוילטע שאָל מיט א
ביסעל שווארצען מעהל ! איך האָב געוואָלט פון דיר־
פליהען אָבער איך האָב נישט געקענט ; דו ביסט געלעגען
ווי אַ שלאַנג און האָסט מיך בעצויבערט מיט דיינע שוואר־
צע אויגען. — איך האָב געפיהלט אז די כוואַליעס הויבען
זיך נאָר דערפאַר אום מיך ארונטערצושלינגען ; איך בין
געלעגען מיט צוזאמענגעבונדענע פיס אין וואסער, און וואָס
שטאַרקערע שווים־ציגע איך האָב געמאכט מיט די הענד,
אלס טיעפער האָב איך געארבייט ארונטער און ארונטער,
ביז איך בין געזונקען אויפ'ן אבגרונד. ווי דו ליגסט ווי א
ריזינער־קראָב, גרייט מיך צוצורייסען מיט דיינע שאַרפע
נענעל. — און יעצט ליעג איך דאָרט ! פפוי ! ווי איך האס
דיך ! האס דיך ! האס דיך ! אָבער דו, דו זיצט נאָר דאָ
און שווייגסט, רוהיג, גלייכגילטיג, גלייכגילטיג אזוי ווי דיך
וואָלט נישט ארען צו די לבנה פערגרעסערט זיך אָדער פער־
קלענערט זיך, צו ס'איז וויינאַכטען אָדער נייה־יאָהר,

אויב אנדערע זענען גליקליך אדער אונגליקליך, אהן די פע־
היגקייט צו האסען אדער צו ליעבען. אונבעוועגליך ווי א
בושעל ביי א מויז לאך — דו קענסט זיך אליין נישט בע־
זיעגען, דו קענסט נישט אויפהאלטען א מאנס ליעבע, אבער
דו קענסט אוועק־גנב'נען די ליעבע פון אנדערע! דו זיצט
נאר דא אין דיין ווינקעל — ווייסטו אז זיי האבען א נאמען
געגעבען זייער מויזען־פאל נאך דיר? — און לעזט דיינע
צייטונגען, אום נאכצוזעהן אויב עס געהט איינעם שלעכט.
אויב איינער איז פעראומגליקט געווארען, אויב איינער איז
ענטזאגט געווארען פון'ם טהעאטער, דא זיצטו און פאסט
אויף אויף דיינע קרבנות, רעכענסט אויס דיינע שווינד־
לערייען ווי א שיפער זיינע שיפסברוכען, און קאסירסט איין
דיינע צינזען!... ארימע אמעליע! ווייסטו אז עס טוהט
מיר ווירקליך לייד פאר דיר, ווייל איך ווייס אז דו ביסט
אונגליקליך, אומגליקליך ווי א פערוואונדעטע, און פיינד־
זעליג. ווייל דו ביסט פערוואונדעט! — איך קען נישט
בעז זיין אויף דיר, ס'מאכט נישט אויס ווי שטארק איך
זאל עס נישט וועלען זיין — ווייל דו ביסט דאך די קליינע
— יא די געשיכטע מיט באב'ען — אבער איך קימער זיך
וועגען דעם גאנץ וויייניג! — ווייל נאך אלעמען וואס האט
דאס צו טוהען מיט מיר. און אויב איך האב געלערענט
טרינקען שאקאלאדע פון דיר, אדער פון אן אנדערען —
דאס מאכט קנאפ אויס! — (טרינקט א פולע לעפעלע אויס
דער טאסע, מיט א מינע ווי זי פערשטעהט מעהר פון איהר) איבּ־
ריגענס שאקאלאדע איז זעהר געזונד! — און ווען איך האב
זיך געלערענט פון דיר קליידען — נאך דער לעצטער מאדע
— האט דאס נאך מיין מאן מעהר צוגעשמיעדט צו מיר —
און דו האסט פערלוירען דאס וואס איך האב געוואונען. יא,
נאך געוויסע צייכענס צו אורטיילען, גלויב איך, האסטו
איהם זיכער פערלוירען! — אבער דיין אבזיכט איז דער־
ביי זיכער געווען, אז איך זאל געהן מיין וועג — טהו ווי
דו האסט געטהון, און בערייהע ווי דו בערייהעסט יעצט —
אבער דו זעהסט איך טהו נישט אזעלכע זאכען! — מיר

ווילען נישט זיין קליינליך, דו זעהסט ! און ווארום זאל איך גאר נעהמען דאס וואס קיין אנדערע וויל נישט האבען ! ס'קען זיין, אז אלעס, מיט אלעמען אריינגענומען, בין איך אין דיעזען אויגענבליק ווירקליך די שטארקערע — דו האסט פון מיר גארנישט געקראגען, אבער דו האסט מיר געגעבען זעהר פיעל. און יעצט ערשיין איך פאר דיר ווי א גנב — און ווען דו האסט ערוואכט האב איך שוין בעזעסען דאס וואס דו האסט דורכגעלאזען ! ווי אזוי איז דאס געקומען וואס יעדער זאך אין דיין האנד איז געווארען אזוי ווערטהלאז און אונפרוכטבאר ? דו האסט נישט געקענט אויפהאלטען א מאן'ס ליעבע מיט דיינע טולפען און ליידענשאפטען, ווי איך האב געקענט. דו האסט נישט געקענט לערנען די קונסט פון לעבען פון דיינע שריפטשטעלערס, ווי איך האב געלערענט ; קיין קליינימשקען עסקיל האסטו נישט, אפילו ווען דיין פאטער הייסט עסקיל ! און ווארום שווייגסטו, האלסט אין איין שווייגען, שווייגסט ? שווייגסט ? איך גלויב אז דאס איז שטארקייט, אדער איז דאס פיללייכט ווייל דו האסט נישט וואס צו זאגען ! אדער ווייל דו קענסט נישט דענקען. (הויבט זיך אויף, און הויבט אויף די פאנטאפעל) יעצט געה איך א היים — און נעהם מיט זיך די' טולפען — דיינע טולפען ! און נעהם מיט אנדערע זיך נישט לערנען — דו קענסט זיך נישט בייגען — און דערפאר ווערסטו צובראכען ווערען ווי א טרוקענע צווייגעל — אבער איך וויל דאס נישט! א דאנק דיר אמעליע, פאר אלע דיינע לעהרען. א דאנק דיר דערפאר וואס דו האסט מיר אויסגעלערענט ליעבען מיין מאן ! — יעצט געה איך אהיים, און איהם ליעבען ! (געהט.)

(פ א ר ה א נ ג.)

